# הקדמה פון די אַרויסגעבערס

זייט דער פּטירה פון אונדזער אָנקל, אבא הלל שקאָלניק ע״ה, האָט זיך די פאַמיליע באַמיט אַרויסצוגעבן זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען וואָס באַשטייען מייסטנס פון אַפאָריזמען, וועלכע ער האָט אָנגעשריבן און אָנגעזאַמלט במשך פון אַ סך יאָרן, און וועלכע זיינען אָריגינעל געדרוקט געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן, ספּעציעל אין שיקאַגער „אידישער קוריער״. אבא הלל שקאָלניק האָט אָנגערופן אַ סך פון זיינע שאַפונגען „געדאַנקען-שפּליטער״; „סענטענצן״; „שפּריכווערטער״; „געדאַנקען״ און אין אַלגעמיין „אַפּאָריזמען״. אַזוי ווי די גרעסטע צאָל געדאַנקען האָט ער אָנגערופן „אַפּאָריזמען״, האָבן מיר באַשטימט אָנצורופן דאָס גאַנצע ווערק „אַפּאָריזמען״.

מיר זיינען איבערצייגט, אַז די אַפּאָריזמען פון אונדזער אָנקל, אבא הלל שקאָלניק, האָבן אַ פּערמאַנענטן ווערט און דאַרפן ווערן אַ טייל פון דעם אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַרויסצוגעבן די אַרבעט האָט אונדז אויך געשטויסן דער געדאַנק, אַז מיט דער צייט וואָלטן די אַפּאָריזמען אין גאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, צוליב דעם וואָס די צייטונגען אין וועלכע זיי זיינען אָריגינעל דערשינען, עקזיסטירן מער ניט, און די עקזעמפּלאַרן זיינען צעשפּרייט אין פאַרשיידענע ביבליאָטעקן, אַרכיוון, לערן-אַנשטאַלטן, ווי אויך ביי פּריוואַטע מענטשן.

עס איז פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן געמוזט מאַכן אַן אָפּקלייב פון די אַפּאָריזמען און אַריינגעמען בלויז די וואָס מיר האָבן גערעכנט, אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך דעם יסו-

דותדיקן וועלט-באַנעם פון אבא הלל שקאַלניק. עס איז ממש געוועז אוממעגלעך אַפצודרוקן אַלץ וואָס אונדזער אַנקל האָט אַנגעזאַמלט דורך דער צייט פון זיין ווירקן. מיר האָבן זיך אַנגעשטרענגט אויסצוקלייבן יענע אַפאָריזמען, וועלכע רעפּרעזענטירן לויט אונדזער מיינונג באמת די אי-דעאָלאָגיע פון אונדזער אַנקל.

מיר ווילן דאַנקען ד״ר אהרן משה גוטשטיין, דעם גייסטיקן מנהיג פון דער ק״ק „שערי תקוה״, פּראָפעסאָר פון אַמערי-קאַניש-יידישער געשיכטע, און דירעקטאָר פון שיקאַגער יידישע אַרכיוון אין ספּערטוס קאָלעדזש פאַר יידישע לימו-דים״ אין שיקאַגאָ און ד״ר דוד גרויבאַרט, דעם אב-בית-דין פון דעם שיקאַגער קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט, און פּראָפעסאָר פון תלמוד אין „ספּערטוס קאָלעדזש פאַר יידישע לימודים״ אין שיקאַגאָ, פאַר זייער אינטענסיווער אַרבעט פון רעדאַק-טירן די דאָזיקע זאַמלונג און צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק.

הרב אליה ליב קאהן

ד״ר נחום סילווערסטיין
שרה סילווערסטיין
הרב שלמה קאַהן
לייזער קאַהן
חנה לאה בעלאוס
הרבנית אסתר פרימער

# אבא הלל שקאָלניק

עס איז פאַראַן אַ מאמר חז"ל (סנהדרין פט.) „אין שני נביאים מתנבאין בסגנון אחד" — „עס זיינען נישטאָ קיין צוויי נביאים וועלכע זאָלן נביאות זאָגן אין דעם זעלבן סטיל". אַט דעם מאמר קענען מיר אָנווענדן אויף דער ליטע-ראַרישער שאַפונג פון אבא הלל שקאָלניק, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה פון אַפאָריזמען וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנצע לעבנס-פילאָזאָפיע. אַ טייל שרייבערס און דענקערס דריקן אויס זייערע געדאַנקען אין פעליעטאָנען, אין סאַטירישע דערציילונגען, אין דראַמאַטישע סקיצן, אין וויסנ-שאַפטלעכע אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען, א.אַז.וו. אַ טייל שרייבערס און דענקערס האָבן סיי דעם חוש און סיי דעם כוח און טאַלאַנט אויסצודריקן זייערע אידעאָלאָגיעס אין קור-צע מאמרים און שפּריכווערטער. אַזאַ שרייבערישן טאַלאַנט האָט געהאַט אבא הלל שקאָלניק. גוטע אילוסטראַציעס פון דעם טאַלאַנט זיינען אַ פּאָר פון שקאָלניקס אַפאָריזמען, וועלכע דריקן אויס אין אַ פּאָר קורצע ווערטער אַ גאַנצע וועלט-אַנשויאונג, ווי צום ביישפּיל:

ווייל דער נאַר זאָל ניט קריגן פון לעבן געשמיסן — איז עס פאַר אים ניט קיין לערע, ווייל נאַרישקייט האָט אין זיך אויך עקשנות ניט צו לערנען פון לעבן.

*

אמת, פאַנטאַזיע זעט ניט אַזוי קלאָר ווי שכל. דערפאַר אָבער זעט אָפט פאַנטאַזיע ווייטער פון שכל.

*

אַ גוט וואָרט קומט פון אַ גוט האַרץ. אַ קלוג וואָרט פון אַ קלוגן פאַרשטאַנד.

*

„רעליגיע פאַרהיט די מענטשהייט פון שלעכטס" — באַהויפּטן אַלע פרומע און גלויביקע. ליידער זעען מיר, ווי שלעכטע מענטשן טוען נאָר מיט רעליגיע באַשיצן זייער שלעכטס.

*

אַ משוגענעם זאָל מען „שלום-עליכם" ניט געבן. ער קען נאָך איינבייסן די האַנט.

*

עס איז לייכטער צו וויינען צוליב געלט, ווי פאַר געלט.

*

אַ שמייכל זאָגט אַמאָל מער ווי שכל קאָן אונדז דערקלערן.

*

די אויגן זעען ווי דער שכל זעט.

*

יעדע אידעע האָט צווישן אירע אידעאַליסטישע אָנהענגער אויך פאַנאַטיקער, וועלכע טוען איר מער שאָדן ווי אירע קעגנער.

*

משיח וועט קומען ווען דער נייער מענטש וועט קומען.

*

אַן עצה איז ניט פאַר דעם נאַר. אָדער ער פאָלגט ניט, אָדער ער טוט פאַרקערט.

*

יעדע אידעע האָט באַוווסטזיניקע אָנהענגער און קעגנער. די טיפּשים זיינען די פאַנאַטיקער.

*

אָפט באַדויערן מיר אַ מענטשן פאַר דעם וואָס מיר דאַרפן אים גאָר מקנא זיין.

*

ווי דער מענטש האָט אָנגעהויבן מיט גאָלד זיך פּוצן,
האָט דאָס גאָלד אָנגעהויבן דעם מענטשן — פּאַרמיאוסן.

*

איין אמתער מענטש איז טייערער ווי אַלע פאַלשע געטער.

*

שקאָלניק איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט. ער האָט טיף פאַרשטאַנען דעם אביון, דעם אונטערדריקטן, דעם אַרבע-טער. ער האָט אויך פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פון מענ-טשן, סיי פון דעם רייכן און סיי פון דעם אָרעמען. ער איז טיף אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פון דעם מענטשן און האָט אָפּגעשאַצט די פּערזענלעכקייט פון יעדן איינציקן ניט לויט זיינע רייד, נאָר לויט זיינע מעשים און מחשבות. ער האָט געהאַט גרויס דרך-ארץ פאַר דעם אינטעליגענט און האָט שטאַרק מעריך געווען די אינטעלעקטועלע שאַפונגען פון יעדן דענקער, שרייבער, וויסנשאַפטסמאַן און פילאָזאָף.

פון די אַפּאָריזמען קען מען זען, אַז שקלאָניק איז ניט געווען צופרידן מיט דער סביבה און איז אויך געווען אַ שונא פון צביעות, סיי אין רעליגיע און סיי אין די פּראָפעסיעס. ער האָט ניט געערן געהאַט מענטשן, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר אַנדערע.

*

אבא הלל שקלאָניק איז געבוירן געוואָרן ב׳ אדר תר״ם — דעם פערצנטן פעברואַר 1880, אין פּלאַטעל, אַ קליין שטעטל אין קאָוונער גובערניע, אין דער ליטע, ווו זיין פאָ-טער, הרב הגאון ר׳ שלמה שקאָלניק, איז געווען רב, אב״ד און ראש ישיבה, באַקאַנט אין גאַנץ ליטע און פּוילן ווי אַ גרויסער למדן און פּוסק. שקאָלניק איז דערצויגן געוואָרן אין אַ תקופה פון שטורעם און דראַנג. פאַר די יידן אין צאַרישן רוסלאַנד, ווו פּאָגראָמען אויף יידן זיינען געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. אַ חוץ די אומרוען זיינען די לעבנס-מעג-

לעבקייטן פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך געווען זייער שווערע. די פּרנסה איז תמיד געווען אַ מצומצומדיקע. דער פּיזישער מצב האָט געפירט דערצו אַז אַ גאָר גרויסע עמי־גראַציע קיין אַמעריקע פון רוסישע יידן האָט זיך אָנגעהויבן אין די אַכציקער יאָרן פון דעם נייַנצנטן יאָרהונדערט. צווישן זיי איז אויך געווען שקאָלניקס משפחה, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין אַמעריקע אין יאָר 1912.

די געוויינטלעכע דערציונג פון א. ה. שקאָלניק האָט זיך אָנגעהויבן אין חדר, ווען ער איז אַלט געווען דריי יאָר. אַ רבס אַ קינד איז אין יענע צייטן ניט געגאַנגען אין די מלוכה־שולן, אַזוי אַז שקאָלניק איז פון חדר אַריין קודם אין דער קליינער ישיבה און דאַן אין דער ישיבה ווי לויט דעם ליט־ווישן דרך האָט דער לימוד זיך קאָנצענטרירט אויף גמרא און תוספות. מען האָט זיך ניט געלערנט אויף רבנות. מען האָט געלערנט לשם לערנען, צו זיין אַ למדן און אַ תלמיד חכם. שקאָלניק איז געוואָרן אַ שוחט, און האָט פּראַקטיצירט שחיטה, ווי מען פלעגט דאָס רופן אין דער אַלטער היים.

קומענדיק אין אַמעריקע, האָט שקאָלניק אַוועקגעלייגט דעם חלף און ניט געוואָלט פּראַקטיצירן קיין שחיטה, כאָטש דאָס וואָלט אים געגעבן פּרנסה בריווח. ער איז געווען אַ מענטש פון טיפן אידעאַל און גרויסע פּרינציפּן, מיט אַ גרינדלעכער איבערצייגונג. אַזוי ווי ער האָט געהאַלטן, אַז אַ שוחט מוז זיין אַ טיף רעליגיעזער ייד, וואָס היט אָפּ אַלע תר״יג מצוות, און אַזוי ווי ער איז געוואָרן אַ ביסל אַ סקעפּ־טיקער און האָט זיך ניט געהאַלטן פאַר אַ פרומען, האָט ער ניט געוואָלט זיין אַ כלי־קודש, ספּעציעל אַ שוחט. האָט זיך שקאָלניק גענומען אין אַמעריקע צו פּעדלעריי, ווי עס איז דעמאָלט געווען די מאָדע — ער איז געוואָרן אַ „קאָסטאָ־מער פּעדלער״ און גאָר שווער געאַרבעט אויף חיונה.

נאָך יונגערהייט אין דער ישיבה האָט שקאָלניקן געצויגן צו שרייבן, ספּעציעל אין יידיש, וואָס מען האָט אין יענער

צייט גערופן מאַמע-לשון. קודם האָט ער אויסגעדריקט זיין נשמה אין פּאָעזיע. אַ פּאָר פון זיינע פּאָעמען זיינען אָפּגע-דרוקט געוואָרן אין פאַרשיידענע זשורנאַלן. עס האָט אים אָבער מער געצויגן צו שרייבן אַפּאָריזמען, קורצע אָריגינע-לע שפּריכווערטער, און ווי ער האָט דאָס אַמאָל אָנגערופן, קאָמענטאַרן און סענטענצן.

ניט אַלע האָבן געוווּסט פון זיינע נטיות צו דער יידישער ליטעראַטור, און פון זיין שאַפן אויף דעם געביט. ביי אַ גע-לעגנהייט האָט ער זיך באַגעגנט מיט שלום-עליכמען, ווע-מען ער האָט געוויזן עטלעכע בלעטלעך פון די אַפּאָריזמען. שלום-עליכם איז געווען באַגייסטערט פון דעם יונגן בעל-חלומות און אויף אַ פריינדלעכן אופן האָט ער אים דערמו-טיקט אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט, און אים געזאָגט: „יונגער-מאַן, דו האָסט אַ גוטן טאַלענט, דו שרייבסט גוט, דו האָסט גוטע געדאַנקען. עס זיינען פאַראַן אַ סך וואָס שרייבן אַזוי גוט ווי דו, און אפשר בעסער, אָבער דו שרייבסט גאַנץ אַנ-דערש ווי וואָסער עס איז אַנדערער יידישער ליטעראַטור-מענטש. דו ביסט אַן איינציקער אויף דעם דאָזיקן געביט פון ליטעראַטור, זעץ פאָר שרייבן די אַפּאָריזמען".

שלום-עליכמס דערמוטיקונג האָט גורם געווען, אַז שקאָל-ניק זאָל אויפגעבן אַלע אַנדערע פאָרמען פון ליטעראַרישע שאַפונגען און ווידמען זיין גאַנצן טאַלאַנט אַט דעם זשאַנר.

שקאָלניקס אַפּאָריזמען זיינען דערשינען אין דעם טעג-לעכן „אידישער קוריער" אין שיקאַגאָ במשך דער גאַנצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער צייטונג, און אויך אין „טאָג" און אין דעם „קענעדער אָדלער".

אבא הלל שקאָלניק האָט געווידמעט אַ געוויסן טייל פון זיינע אַפּאָריזמען און סענטענצן צו מיטגלידער פון זיין מש-פּחה און פריינד. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט ער געווידמעט אַ ריי אַפּאָריזמען זיינע פלימעניצעס שרהן, ווען זי האָט חתו-נה געהאָט מיט ד"ר נחום סילווערסטיין, און חנה לאַהן, ווען

זי האָט חתונה געהאַט מיט שמואל בעלאוס, ווי אויך צום באַרימטן אַקטיאָר און שרייבער נח נאַכבוש. אַט זיינען איינ־קע פון די אַפאָריזמען געווידמעט די פלימעניצעס:

שכל זעט ווייטער, העכער. געפיל פילט נענטער, טיפער.

*

רייך איז ניט דער וואָס פאַרמאָגט פיל געלט, נאָר דער וואָס טוט מיט דעם פיל גוטס.

*

האָבן מיר געפיל, ליידן מיר פון דעם אַנדערן. האָבן מיר ניט קיין געפיל, ליידט דער אַנדערער פון אונדז.

*

חן איז די טיפקייט פון שיינקייט. גוטסקייט — פון ערלעכ־קייט.

*

ניט אין ליבע אַליין ליגט אידעאַליזם, נאָר אינעם „ווי" און „וועמען".

*

הייליקער פון אַלע הייליקייטן איז אַ ליב האַרץ.

*

ליבע איז דער אומזעבאַרער צויבער־פאָדעם, וואָס האַלט אונדז צוגעבונדן צום לעבן.

*

אויב ליבע האָט ניט צו טאָן מיטן הימל, ווערט זי אָבער פון אים אינספּירירט, אידעאַליזירט און געהערט צו דאָס היי־ליקסטע פון דער ערד.

*

הייראַט לערנט דעם קלוגן וועמען צו הייראַטן און ווי צו לעבן.

*

עלנט איז דער וואָס האָט ניט ווער ס'זאָל אים ליבן און אומגליקלעך איז דער וואָס האָט ניט וועמען צו ליבן.

*

ליבע האָט קיין פּרייז ניט, ווייל מיר קענען זי ניט קויפן אַפילו מיט דעם גאַנצן לעבן.

*

פאַרליבטע הערצער פילן באַלד אַז זיי זיינען פאַרליבט. אויב מ'דאַרף שוין דערקלערן די ליבע צו געווינען, קען מען שוין זי קיין מאָל ניט געווינען.

*

יוגנט איז דער פרילינג פון לעבן. ליבע איז דער מאַי פון לעבן.

*

מען מוז האָבן וועמען צו ליבן, כדי צו האָבן פאַר וועמען צו לעבן.

*

שקאָלניק האָט אָנגעזאַמלט פיר ביכער פון די אַפאָריזמען לויט געוויסע טעמעס. ער האָט אָבער ליידער ניט באַוויזן זיי אַרויסצוגעבן אין בוכפאָרם.

ער האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. ער איז געווען פאַרליבט אין אַ געוויסער מיידל, אָבער די עלטערן זיינע, שטאַמענדיק פון אַ גרויסער ייחוסדיקער רבנישער משפחה, זיינען געווען קעגן דעם שידוך. אַפּלאָזנדיק דעם שידוך, איז דאָס מיידל אַוועק אין אַן אַנדער מדינה און דאָרט חתונה געהאַט. שקאָלניק איז געבליבן ניט-פאַרהייראַט זיין גאַנץ לעבן.

שקאָלניק האָט פאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן אין אַמעריקע, אין שיקאַגאָ. מיט דער צייט האָט ער אָפּגעשפּאָרט גענוג געלט צו קויפן אַ הויז, אָבער ער האָט דאָס הויז אַוועקגעגעבן זיינעם אַ ברודער און אַליין האָט ער געוווינט אין אַ קליינעם צימער אויפן בוידעם, ווו ער האָט פאַרבראַכט זיין לעבן, געשריבן די אַפאָריזמען און געחלומט זיינע חלומות.

וויפל געלט ער האָט פאַרדינט האָט ער געשיקט צו זיינע קרובים און נויט-ליידנדיקע מענטשן אין אייראָפּע. ספּעציעל האָט ער זיך פאַרנומען צו דערציען אַ פּלימעניק — אַ שוועס־טערס אַ קינד — אליהו כווידאַנסקי, וואָס זיין פאָטער איז געווען רב אין פאַניעוועזש. ער האָט זיין פּלימעניק געשיקט קיין דייטשלאַנד שטודירן מעדיצין. אליהו כווידאַנסקי איז געוואָרן אַ גוטער דאָקטאָר און האָט זיך אומגעקערט קיין ליטע צו פּראַקטיצירן מעדיצין. ווען די נאַציס, ימח שמם, האָבן אָקופּירט ליטע איז געלונגען ד״ר כווידאַנסקי צו אַנט-לויפן און זיך באַהאַלטן אַ געוויסע צייט. צום סוף אָבער איז ער געפאַלן אַ קרבן פון די נאַציס, און געוואָרן איינער פון די זעקס מיליאָן קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען פון די נאַצישע רציחות.

דאָס האָט שקאַלניקן ניט וויניק פאַרטרויערט און אַריינ-געטריבן אים כמעט אין אַ מרה-שחורה.

שקאַלניק האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין עלטער פון ניין און אַכציק יאָר. ער איז נפטר געוואָרן דעם ערשטן טאָג ראש השנה, דעם פערצנטן סעפּטעמבער, 1969. זיין פּלימע-ניק, ד״ר נחום סילווערסטיין און הרב שאול בעלאוס, אַ זון פון זיינע פּלימעניקעס שמואל און חנה לאה בעלאוס, האָבן אים מספּיד געווען און אים אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד.

האָבנדיק דעם באַוווּסטזיין, אַז שקאַלניק איז געווען פון דער נאַטור אַן אויסערגעוויינלעך גוטער און האַרציקער מענטש און באמת איבערגעגעבן צו דער משפּחה, האָט די משפּחה איצט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן זיין לעבנסווערק לויט אַן אָפּקלייב פון די אַנגעזאַמלטע מאַנוסקריפּטן. זאָל דאָס די-נען ווי אַ גייסטיקער מאָנומענט און אַ ציון לנפש חיה פאַר אַ סענסיטיוו דיכטערישן און פילאָזאָפיש אָריענטירטן מענטש, וועלכער האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרמאָגט אהבת ישראל, אהבת הבריות און אהבת היקום.

יהי זכרו ברוך!

# וואָס מיינט אַן אַפּאָריזם?

דער מחבר פון דעם ווערק — א. ה. שקאָלניק — האָט איבערגעלאָזן אַ קורצע הקדמה „וואָס מיינט אַן אַפּאָריזם?" צוזאַמען מיט אַ סך באַמערקונגען „וועגן אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער". אַפּאָריזמען וועלכע ער האָט אויך אָנגע־רופן „געדאַנקען־שפּליטער", „סענטענצן" און „קאָמענטאַרן". די הקדמה, ווי אויך די דערמאָנטע באַמערקונגען „וועגן די אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער" כאַראַקטעריזירן די ליטעראַרישע שאַפונג פון א. ה. שקאָלניק. מיר גיבן דאָ איבער די אַרבעט בוכשטעבלעך אַזוי ווי דער מחבר האָט זי אָנגעשריבן. כדי אָפּצוהיטן דעם גייסט און די סביבה פון א. ה. שקאָלניקס ליטעראַרישן שאַפן, האָבן מיר אין גע־וויסע ערטער איינגעהאַלטן די אָריגינעלע אָרטאָגראַפיע און דעם מקורדיקן סטיל.

ד. ג.

פאַר די, וואָס ווייסן ניט וואָס אַן „אַפּאָריזם" מיינט און וואָס פאַר אַ ראָלע ער שפּילט אין דער ליטעראַטור און אין לעבן, וועל איך עס דערקלערן אין אַ פּאָר ווערטער.

אַן אַפּאָריזם מיינט אַ דענק-שפּרוך, אַ לער-שפּרוך, אַ מאָראַל-שפּרוך, אַ מיינונג אָדער אַן אורטייל, וואָס איז אויסגעדריקט קורץ און שאַרף אין געקליבענע ווערטער און אין עטלעכע זאַצן.

מיט „אַפּאָריזמען" און „שפּרוכן" באַנוצן זיך, סיי אין ריידן און סיי אין שרייבן, אַלע שיכטן און קלאַסן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס זאָגן מיט זייער קורצן שאַרפן סטיל און פאָרם אַזויפיל און אָפט מער וויפל עס זאָגן גאַנ־צע רעדעס און ביכער.

*

אַפּאָריזמען און „שפּרוכן" זיינען אייביק יונג און איי־ביק ניי, ווייל זיי טראָגן מיט זיך אייביקע ווערטן, אייביקע

אמתן און במילא אייביקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און דע-
ריבער ווערן זיי אויפגעכאַפּט, געקליבן און אויפגעהיט פון
אַלע פעלקער אין אַלע דורות, אַלס די טייערסטע פערל פון
דער גאַנצער פאַרצוויינטער ליטעראַטור, וואָס לאָזן זיך קיינ-
מאָל ניט אָפּשאַצן און קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

*

כדי צו קענען שרייבן „אַפּאָריזמען" איז ניט גענוג צו
זיין אַ וואָרט-קינסטלער און אַ טאַלאַנטפולער זאַץ-בויער.
מ'מוז נאָך צו דעם זיין אַ פילאָזאָפישער מענטש, אַ שאַרפ-
זיניקער דענקער, אַ פּסיכאָלאָגישער באַאָבאַכטער, וואָס
זאָל קענען לאָגיש פאַרשטיין און אַנאַליטיש אורטיילן אַלץ
וואָס קומט פאָר אין דער וועלט. מ'מוז נאָך צו דעם קענען
זייער קלוג און הומאָריסטיש, אמתדיק און טרעפלעך זיך
אַרויסזאָגן וועגן אַלע פּראָבלעמען און קאָנפליקטן; וועגן אַלע
טראַגעדיעס און קאָמעדיעס; וועגן אַלע שאַטירונגען און
וועגן אַלץ וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער לעבנס-בינע פון-
נעם גאַנצן מענטשלעכן לעבן.

*

אַלזאָ, — „אַפּאָריזמען" זיינען קורצע, קלוגע ווערטער,
וואָס זיינען זייער טענדענציעז און לאָקאָניש אין זייער אויס-
דרוק, וואָס זיינען אַמאָל אַלס דעוויז, אַמאָל אַלס מאָטאָ,
אַמאָל אַלס טעמע, מיט איין וואָרט, וואָס מ'קען פון זיי פיל,
זייער פיל לערנען.

## וועגן אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער

אַן אַפּאָריזם איז די אינספּיראַציע פון אָנרעגונג פון צופאַל און דער איממפּראָוויזירטער אויסדרוק פון אײַנפאַל.

*

אַן אַפּאָריזמען־בוך איז אַ רעפערענץ־בוך, אַן ענציקלאָפּעדיע פון באַגריפן און געדאַנקען.

*

אַן אַפּאָריזם מוז באַזיצן אוניווערסאַלע קוואַליטעט און ניט זײַן באַגרענעצט און געבונדן פון אָרט און צײַט.

*

אַפּאָריזמען ווערן געשאַפן אינטעלעקטועל; שפּריכווערטער — עמאָציאָנעל.

*

די נשמה פון אַן אַפּאָריזם איז קלוגשאַפט. די פאָרם — קורצ־קייט.

*

די גוטסקייט פון אַן אַפּאָריזם איז צו זוכן אין זײַן טיף־קלוגן אינהאַלט. די שיינקייט פון אַן אַפּאָריזם — אין זײַן קורץ־ריטמי־שער פאָרם.

*

דער אַפּאָריסט שפּילט זיך מיט ווערטער און קאָקעטירט מיט פּראָזע ניט ווייניקער ווי דער פּאָעט, מיט דעם אונטערשייד: דער פּאָעט איז מער פאַראינטערעסירט אינעם ריטם און דער אַפּאָריסט — אין דער לאָגיק.

*

אַפּאָריזמען זײַנען אינדיווידועלע לעבנס־באַגריפן געלייטערט און געפורעמט פונעם אויטאָרס אינטעלעקט. שפּריכווערטער זײַנען פאָלקסבליקן, געלייטערט און געשאַפן פון דעם פאָלקס־באַטראַכט.

*

אַפאָריזמען זיינען בליצן פון שאַרפזין, פונקען פון געדאַנק און געפיל.

*

אַן אַפאָריזם איז די נשמה פון אַ געדאַנק און דער פונק פאַר אַ געדאַנק.

*

די שיינקייט פון אַן אַפאָריזם ליגט אין זיין קורצקייט. זיין גוטסקייט — אין זיין אמתדיקייט און זיין שטאַרקייט — אין זיין שאַרפקייט.

*

אַפאָריזמען זיינען געלייטערטע קאָנצענטרירטע באַגריפן און געדאַנקען, די קווינטעסענץ פון פראַקטיק און דערפאַרונג.

*

אַפאָריזמען זיינען שאַרף ווען זיי זיינען קורץ; גוט — ווען זיי זיינען לאָגיש.

*

אַפאָריזמען זיינען די אויסדערוויילטע פרוכט פון מענטשלעכן געדאַנק. שפּריכווערטער — פון דער מענטשלעכער דערפאַרונג.

*

אַפאָריזמען און שפּריכווערטער זיינען די חכמה פון דורות לעבנס־דערפאַרונג, די קווינטעסענץ פון פריידן און ליידן, פון קאָמיזם און טראַגיזם.

*

דער אַפאָריזם איז גרעסער פון דעם שפּריכוואָרט מיט זיין שאַרפזיניקייט. דאָס שפּריכוואָרט איז טייערער פון דעם אַפאָריזם מיט זיין פאָלקסטימלעכקייט.

*

די גרויסקייט פון דעם אַפאָריזם ליגט אין זיין שאַרפזיניקייט. די גרויסקייט פון דעם שפּריכוואָרט — אין זיין פאָלקסטימלעכקייט.

שפּריכווערטער זיינען מער פֿאָלקסטימלעך; אַפּאָריזמען — מער אייגנטימלעך.

*

שפּריכווערטער זיינען די דעמאָקראַטישסטע שאַפונגען פון דער גאַנצער פֿאָלקס־ליטעראַטור מיט דעם, וואָס זייער מחבר איז דאָס גאַנצע פֿאָלק.

*

שפּריכווערטער זיינען מער נאַציאָנאַל; אַפּאָריזמען — מער אינטערנאַציאָנאַל.

*

שפּריכווערטער זיינען ווי וויין. וואָס עלטער, אַלץ טייערער זיינען זיי.

*

שפּריכווערטער כאַראַקטעריזירן דאָס לעבן פון פֿאָלק. אַפּאָריזמען דריקן אויס די קלוגשאַפט פון פֿאָלק.

*

דאָס שפּריכוואָרט וואָס איז אַ פֿאָלקס־אמת, איז אויך אַ וועלט־אמת.

*

אַ שפּריכוואָרט, וואָס עלטער עס איז, אַלץ מער אונטער־שטרייכט עס מיט דעם זיין פֿאָלקס ווערט.

*

שפּריכווערטער זיינען אַזוי אַלט, אַז ס׳איז שוין פֿאַרגעסן גע־וואָרן ווער עס האָט זיי געשאַפן. דאָך זיינען זיי מיט זייער אמת־דיקייט אייביק ניי.

*

שפּריכווערטער, ווי פֿאַמיליען־פּערל, גייען איבער בירושה פון דור צו דור און ווערן איבערגעטראָגן פון פֿאָלק צו פֿאָלק.

*

שפּריכווערטער וואָס דריקן אויס אוניווערסאַלע אמתן ווערן פון אַלע פעלקער אויפגענומען ווי אייגענע שאַפונגען.

*

אַפּאָריזמען זיינען פּסיכאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען, אינטעלעק־טועלע באַטראַכטונגען. שפּריכווערטער זיינען אינטימע באַאָבאַכ־טונגען, פאָלקסטימלעכע באַטראַכטונגען.

*

אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער זיינען די אויסגעמלעכסטע אין דער גאַנצער ליטעראַטור מיט דעם, וואָס זיי ווערן געשאַפן אומ־מיטלבאַר, ספּאָנטאַן, פון איינפאַל, אָן צו טראַכטן און דענקען פון דעם.

*

אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער זיינען די טייערסטע ליטעראַ־טור־בריליאַנטן וואָס עס שיינט אין זיי אָפּ דאָס מענטשלעכע פילן און דענקען און ס'שפּיגלט זיך אָפּ דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן.

*

„דער אמת איז קורץ" און „דער אמת איז ניט אָפּצושאַצן" — זאָגט אַ יידיש ווערטל. אפשר דערפאַר איז דער אַפּאָריזם און שפּריכוואָרט אַזוי טייער.

*

אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער זיינען געשליפענע ליטעראַטור־פּערל, וואָס באַחנען און באַשיינען שפּראַך און געדאַנק.

*

א קורץ שפּריכוואָרט זאָגט אַמאָל מער ווי אַ לאַנגע רעדע. אַ קורצער אַפּאָריזם — מער ווי אַ גאַנץ בוך.

*

אַפּאָריזמען און שפּריכווערטער זיינען פאַר שרייבער און רעד־נער דאָס וואָס דער קאַמערטאָן — פאַר מוזיקער און זינגער.

*

אַן אַפּאָריזם אַנאַליזירט, דעפינירט. אַ שפּריכוואָרט כאַראַקטע־ריזירט, פאָטאָגראַפירט.

*

שפּריכווערטער זיינען עפּיגראַמען פון פאָלקס־לעבן. אַפאָריז־מען — עפּיגראַמען פון פאָלקס־קלוגשאַפט.

*

דורך דעם שפּריכוואָרט רעדט דאָס פאָלק צום פאָלק. דורך דעם אַפאָריזם רעדט דער שכל צו דער וועלט.

*

אַפאָריזמען זיינען שטאַרקער און שאַרפער פון שפּריכווער־טער. דערפאַר אָבער זיינען שפּריכווערטער קירצער און פּשוטער פון אַפאָריזמען.

*

אַן אַפאָריזם מוז ווערן קורץ און שאַרף געזאָגט, קלוג און טיף געמיינט.

*

אַפאָריזמען און שפּריכווערטער פאַרנעמען אַ באַזונדער אָרט אין דער ליטעראַטור. זיי באַטעמען ווי געווירצן אַלע געביטן פון דער ליטעראַטור.

*

אַפאָריזמען לאָזן זיך ניט זינגען, ניט דעקלאַמירן. זייער פאַר־דינסט איז, ווען זיי האָבן וואָס צו זאָגן, ווען זיי ווערן פאַרשטאַנען.

*

אַפאָריזמען זיינען קאָנצענטרירטע באַגריפן, געלייטערטע גע־דאַנקען, די קווינטעסענץ פון דערפאַרונג און פּראַקטיק.

## דער אַפּאָריזם אין אונדזער ליטעראַטור

אַ שפּאַציר איבער דער יידישער ליטעראַטור וועט אונדז איבערצייגן אַז דער אַפּאָריזם איז שטענדיק געווען אַ פּאָפּולערער ליטעראַרישער זשאַנר. שוין אינעם תנ״ך געפינען מיר אַ ספר, משלי, וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט אָט דער פאָרם פון אויסדרוק. אויך אין אַנדערע ספרי-קודש געפינען מיר פּסוקים וועלכע זיינען באמת אַפּאָריזמען. זיי זיינען צעשפּרייט איבער דער לענג און דער ברייט פון די הייליקע שריפטן.

די ביבלישע אַפּאָריזמען באַהאַנדלען פאַרשיידענע אַספּעקטן פונעם לעבן, די נאַטור, ווי הימל און ערד, די בערג, וואָלקנס, רעגן און ווינט; די וועלט פון געוויקסן, חיות, פייגל, א.א.וו. און אַוודאי שפּילט דער מענטש אַ חשובע ראָלע אינעם ביבלישן אַפּאָריזם. פילצאָליק זיינען די ביישפּילן פונעם וויכטיקן אָרט וואָס דער בחיר היצירה פאַרנעמט אינעם תנ״כישן משל.

דער אַפּאָריזם איז אין תוך דידאַקטיש אין זיין כאַראַקטער. ער צילט צו לערנען; ער אַנטהאַלט אין זיך אַ לעבנס-מוסר, אַ לעקציע איבער אַלע פאַזן פונם מענטשלעכן לעבן. ער לערנט אונדז די חשיבות פון אַרבעט; ער ווייזט אָן דעם ריכטיקן וועג אויף די שטחים פון עטיק און מאָראַל. אַזוי זעען מיר אינעם ביבלישן אַפּאָריזם קאָנטראַסטן צווישן דעם חכם און דעם נאַר, דעם צדיק און דעם רשע, דעם פלייסיקן און דעם פוילן, דעם ערנסטן און דעם לייכטזיניקן. קיין איין פאַזע פונעם מענטשלעכן לעבן איז נישט אוי-

סער די ראַמען פונעם משל אָדער אַפּאָריזם. פונקט ווי דער לאַטיינישער דיכטער טערענס זאָגט אין זיין פּאָרמיאַ:
Homo sum et nihil humani a me alienum puto esse
„איך בין אַ מענטש און איך באַטראַכט ניט קיין זאַך וואָס איז מענטשלעך ווי פרעמד צו מיר", אַזוי אויך דער אַפּאָריזם: אַלץ וואָס איז נוגע דעם מין מענטש און זיין רעאַקציע צו אַלע אַספּעקטן פונעם לעבן אינטערסירט אים ביז גאָר און ער רעאַגירט אויף זיי אין אַט דעם ליטעראַרישן אויסדרוק.

מיר געפינען אויך דעם אַפּאָריזם אין די אַפּאָקריפישע שריפטן, און ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז כאָטש די חז"ל האָבן פּאַקטיש אויסגעשלאָסן אַט די שריפטן פונעם יידישן רעליגיעז-ליטעראַרישן פּאַנטעאָן, ציטירן זיי דאָך דאָ און דאָרט אין תלמוד פון יענע שאַפונגען. אַזוי ווערן דערמאָנט אַפּאָריזמען פונעם ספר בן סירא. בכלל, געפינען מיר אַפּאָריזמען אינעם תלמוד, וואָס זיינען געוואָרן פּאָפּולער און זיינען אויך אַריין אין דער עוואַנגעליע. פּרקי אָבות זיינען פול מיט אַפּאָריזמען, און איבער דער גאַנצער תלמודישער און מדרש-ליטעראַטור זיינען צעשפּרייט פאָלקס-ווערטלעך אָן אַ שיעור. זיי פאַרנעמען זיך אויך מיט אַלע פאַזן פונעם לעבן, ווי דאָס פאַמיליע-לעבן, די געזעלשאַפט, עטיק און מאָראַל, אַרבעט און מסחר, חיות און בהמות.

און כאָטש די וועלט-ליטעראַטור איז אויך רייך אויפן געביט פונעם אַפּאָריזם — באַרימטע עסייאיסטן אין אַלע שפּראַכן האָבן אַ סך צוגעטראָגן אויף דעם געביט — איז אָבער דער יידישער בייטראָג אַ ספּעציעל וויכטיקער. ער איז בכלל אָריגינעל און די וועלט-ליטעראַטורן זיינען פיל באַרייכערט געוואָרן דורך דעם יידישן אַפּאָריזם.

עס זיינען שוין פאַראַן קלאַסישע זאַמלונגען פון יידישע אַפּאָריזמען גענומען פון די אַלטע מקורות. אַזוי זיינען באַקאַנט: „אוצר לשון חכמים" פון קלמן אביגדור פּערלאַ;

„היכל לדברי חז״ל ופתגמיהם״ פון חיים בלאָך; אויך פריער-דיקע זאַמלונגען ווי „משלי יהושע״ פון יהושע שטיינבערג; „משלי בנימין״ פון בנימין מאַנדעלשטאַם; „בן משלי״ פון צבי הכהן שערעשעווסקי; „משלי ישכר״ פון ישכר הלוי האָ-ראָוויץ; מענדעלע מוכר ספרים און יהודה לייב גאָרדאָן האָבן אונדז אויך געגעבן קאָלעקציעס פון אַפאָריזמען, און ד״ר מאיר וואַקסמאַן האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַר וויכטיקע זאַמלונג „משלי ישראל״.

אַזוי זעען מיר, אַז דער אַפאָריזם האָט שטענדיק פאַרנו-מען אַ חשובן פלאַץ אין דער ליטעראַטור. אָפטמאָל אָבער איז שווער פאַנאַנדערצוטיילן דעם אַפאָריזם פון סתם אַ וויכ-טיקן זאָג אין אַ בוך. האָט דאָך שוין איינער אַמאָל געזאָגט, אַז שעקספּיר איז פול מיט ציטאַטן, און מיר האָבן אויך דאָס זעלבע געפיל ווען מיר זיינען מעיין אין די כתבי-הקודש: אַזוי פיל פון די פסוקים קלינגען ווי ציטאַטן... האָבן טאַקע טייל פון די אַפאָריזמען-זאַמלערס גענומען סתם וויכטיקע פסוקים און זיי פאַרוואַנדלט אין אַפאָריזמען; דאָס איז שוין אַ ביסל אַן איבערטריבענער אָפּקלייב.

די וועלט ציטירט בכלל באַרימטע ווערטלעך פון דער לי-טעראַטור. אָפטמאָל זיינען דאָס וואָס ביי אונדז ווערט גע-רופן „מאמר החכם״ וואָס זייער מחבר איז אומבאַקאַנט. אָט די ווערטלעך זיינען צום טייל אָריגינעלע, דאָס הייסט אַז קלאַסישע שרייבערס האָבן זיי פאַרפאַסט, און זיי זיינען גע-וואָרן דער באַזיץ פון דער מענטשהייט און אמתע קלאַסיק.

א. ה. שקלאָלניקס אַפאָריזמען זיינען אין דער גרויסער טראַדיציע פון אָט דעם ליטעראַרישן זשאַנר. זיי זיינען גע-שאַפן געוואָרן פון אים אַליין און זיי פאַררופן זיך אויך אויף אַ סך אַספּעקטן פונעם מענטשלעכן לעבן. זיי צייכענען זיך אויס בכלל מיט זייער אָריגינאַליטעט, און אויך זיי וועלן זיין אַ ביישטייער צו דער אַפאָריזמען-ליטעראַטור. זיי אַנטהאַלטן

אין זיך, ווי זייערע פֿאָרגייערס אין משך פֿון די דורות, די חכמה פֿון לעבן, אַ שטיק פּראַגמאַטישע פֿילאָזאָפֿיע, און אַ צוגאַנג צום לעבן וואָס האָט נאָך אונדז אַ סך צו לערנען. אָט די חכמה שפּרודלט פֿון די אַלטע קוואַלן פֿון יידישן שאַפֿן און קען נאָך ריידן צו דעם היינטצייטיקן מענטשן.

**אהרן משה גוטשטיין**
**דוד גרויבאַרט**



## אַבערגלויבן

אַבערגלויבן איז דאָס נאַרישסטע פון גלויבן, גלויבן פון אומ־ וויסן.

אַבערגלויבן איז פּרימיטיוו, דער אורגלויבן פון גלויבן.

אַבערגלויבן איז פאַרגלויבט אין מיסטעריעזע דערוואַרטונגען, אָדער אין איבערנאַטירלעכע כוחות, אָדער אין אויסערגעוויינלעכע צופאַלן.

ווען די געפאַר איז שוין ביזן האַלדז, ווערט מען אַבערגלוי־ בעריש צו גלויבן אין נסים.

ס׳איז לייכטער צו איבערצייגן אַן אומוויסנדיקן, ווי אַן אַבער־ גלויביקן; אַן אומגעבילדעטן — ווי אַן איינגעבילדעטן.

נאַרישקייט און אומוויסן זיינען די עלטערן פון פאַנאַטיזם און פון אַבערגלויבן.

אַבערגלויבן איז אונטערגעבעט מיט אומוויסן און צוגעדעקט מיט נאַרישקייט.

מען קען ניט זיין קיין גלויביקער און דאָך זיין אַן אַבער־ גלויביקער.

## אַדוואָקאַט

אַ גוטער פּראָקוראָר קען מאַכן אַ צדיק פאַר אַ רשע; אַ גוטער אַדוואָקאַט — אַ רשע פאַר אַ צדיק.

קיין אַדוואָקאַט פילט זיך ניט באַקוועם צו זיין זיין אייגענער פאַרטיידיקער.

ווער ס׳איז אַ גוטער אַדוואָקאַט צו פאַרטיידיקן, דער איז אויך אַ גוטער פּראָקוראָר צו באַשולדיקן.

עס איז לייכטער דעם אַנדערן צו באַשולדיקן ווי אים צו פאַרטיידיקן.

אַ גוטער פאַרטיידיקער איז אויך אַ גוטער באַשולדיקער.

## אדם

אַז עס איז באַשערט אַן אומגליק, קען עס טרעפן אַפילו אין מיטן שלאָף. אַזאַ אומגליק אָבער, וואָס האָט געטראָפן אָדמען אין שלאָף, האָט נאָך קיינעם ניט געטראָפן.

מענער חכמהנען זיך, אַז די פרוי איז ניט קיין געראָטן באַשע־פעניש. וואָס איז דער וווּנדער? — די ביבל דערציילט דאָך אונדז, אַז חוה איז באַשאַפן געוואָרן פון אדמס אַ ריפּ.

## אויגן

אַז עס איז ניטאָ וואָס צו זען, העלפן ניט קיין ברילן.

פאַראַן אַזעלכע וואָס קוקן אויף זיך מיט האַלב אָפענע אויגן, פאַראַן אַזעלכע וואָס מאַכן זיי אין גאַנצן צו.

די אויגן זיינען די פענצטער פון דער נשמה און די שפיגלען פון כאַראַקטער.

עס איז שיין צו האָבן גרויסע אויגן. עס איז אָבער מיאוס צו האָבן אַ גרויס מויל.

די אויגן קענען זען די גאַנצע וועלט, נאָר זיך אַליין — ניט.

מ׳קען דערזען פאַר אַ מייל און דאָך ניט דערזען די איי־גענע נאָז.

דאָס אויג ווייסט בעסער ווי דאָס אויער.

די שענסטע אויגן זעען אויס מיאוס, ווען עס קוקט דורך זיי אַ קראַנקער מאַרך.

ניט אַלע וואָס האָבן שיינע אויגן קענען מיט זיי שיינקייט זען.

מענטשן האָבן מער צוטרוי צו די אויגן, ווי צום שכל.

ווער עס קוקט מיט יענעמס אויגן, דער מוז אויך פילן מיט יענעמס האַרץ.

# אויסברענגער

ביידע, סיי דער קאַרגער, סיי דער אויסברענגער האָבן ניט קיין גלייכע מאָס. ביים ערשטן איז אַ גראָשן אַ טאַלער, ביים צווייטן איז אַ טאַלער אַ גראָשן.

ווען מען גיט אויס גאָר דאָס געלט אויף פּוטער, האָט מען ניט אויף ברויט.

דער קאַרגער קאַרגט אַזוי לאַנג ביז ער ווערט צו אַלט דאָס אָפּגעקאַרגטע צו פאַרלעבן. דער אויסברענגער ברענגט אויס אַזוי פיל ביז ער האָט ניט פון וואַנען צו לעבן.

דער פאַרשווענדער האַלט דעם שפּאָרזאַמען פאַר אַ קאַרגן; דער קאַרגער האַלט דעם שפּאָרזאַמען פאַר אַ פאַרשווענדער.

אַ קאַרגער באַגנבעט זיך אַליין, אַן אויסברענגער באַרויבט זיך אַליין.

אַ קאַרגן איז לייכטער צו דערקענען ווען ער איז רייך; אַן אויסברענגער — ווען ער איז אָרעם.

# אומגליק

אַמאָל ווערט מען פון אומגליק אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז מען האָט שוין קיין כח ניט גליקלעך צו זיין.

ווער עס פילט זיך מיט אַ קלייניקייט גליקלעך, דער פילט זיך אויך איבער אַ קלייניקייט אומגליקלעך.

דאָס ערגסטע אומגליק איז ווען מ׳פילט זיך אַליין שולדיק.

די מענטשלעכע פליכט איז לויפן פון אַזאַ גליק, וואָס ווערט געשמידט מיט דעם צווייטנס אומגליק.

אומגליק איז טויב פאַר רחמנות, ווי נאַרישקייט איז בלינד פאַר חכמה.

די שטרעבונג נאָך אַלמענטשלעך גליק מוז גיין צוזאַמען מיט דער פאַרניכטונג פון אַלמענטשלעכן אומגליק.

ווו עס איז דאָ גליק, דאָרט איז אויך דאָ אומגליק.

אומגליק איז אָן רחמנות און ווייסט ניט פון קיין מיטלייד.

גליק האַלט מען פאַר קלוג; אומגליק מאַכט קלוג.

דער אָרעמסטער איז דער קאַרגער; דער אומגליקלעכסטער — דער אומצופרידענער.

די פּאַרזיכט פון גליק איז צו אַנטלויפן פון אומגליק.

פון אומגליק דאַרף מען לויפן; צו גליק — גיין לאַנגזאַם.

אַ סך מענטשן לעבן אומגליקלעך, ווייל זיי זענען פאַר גליק ניט דערצויגן.

אַמאָל ווערט מען געראַטעוועט פון טויט צוליב אַן אומגליק.

גליק שטעלט ניט קיין פראַגן; אומגליק ענטפערט ניט אויף קיין פראַגן.

## אומגערעכטיקייט

אומרעכט קושט זיך מיט פאַרברעכן; נאַרישקייט — מיט ליידן.

אומגערעכטיקייט איז אומגערעכט, ווען אַפילו דאָס געזעץ דערלויבט עס.

רעכט און אומרעכט בייטן זיך אָפט מיט די נעמען. אַמאָל העלפט עס דאָס אָרט, אַמאָל די צייט און אַמאָל דער אומשטאַנד.

אומגערעכט איז דער עושר, וואָס איז קעגן יושר.

## אומדאַנקבאַרקייט

אומדאַנקבאַרקייט ווירקט צו ווערן שלעכט; דאַנקבאַרקייט ווירקט צו ווערן גוט.

## אומשטאַנדן

ביי אַ דורכפאַל איז אַמאָל שולדיק אַן אומגליקלעכער פאַל, מייסטנס אָבער — אומוויסנהייט און נאַרישקייט.

אויסערגעוויינלעכע אומשטאַנדן רופן אַרויס אומגעוויינלעכע האַנדלונגען.

נייע אומשטאַנדן בויטיקן זיך אין נייע האַנדלונגען; נייע באַגריפן — אין נייע מעטאָדן.

אַלץ וואָס איז אָפּהענגיק פון אויסערלעכע אומשטאַנדן איז אַרומגערינגלט מיט אומזיכערקייט און צווייפל.

דער נאַר באַשולדיקט אין זיינע דורכפאַלן דעם אַנדערן; דער שלימזל — די אומשטאַנדן.

טרוקענע פאַקטן זאָגן נאָך ניט אַלץ, מען דאַרף נאָך וויסן די אומשטאַנדן און די אורזאַכן פון זיי.

אַמאָל מוז מען זיך רעכענען מיט די אומשטאַנדן און אַמאָל — מיט די רעזולטאַטן.

## אוצרות

גייסטיקע אוצרות קען מען ניט מעסטן און וועגן, דעריבער איז שווער זיי אָפּצושאַצן.

## אורזאַך

אַלץ וואָס עקזיסטירט און פּאַסירט איז געבונדן און געקייטלט מיט אורשפּרונג און אורזאַך.

פאַקטן זיינען ניט צו דיסקוטירן. ס׳לאָזן זיך יאָ דיסקוטירן זייערע אורזאַכן און רעזולטאַטן.

אורזאַך איז פריער פון אומשטאַנד און אומשטאַנד פריער פון פאַקט.

## איבערצייגן

ווער ס׳וויל זיך איבערצייגן, דער לאָזט זיך איבערצייגן; ווער ס׳לאָזט זיך איבערצייגן, דער ווייסט ווי דעם אַנדערן צו איבער־צייגן.

באַווייזן זיינען דער ערגסטער פּראָקוראָר; איבערצייגונג — דער בעסטער אַדוואָקאַט.

אַמאָל וויל מען זיך ניט איבערצייגן, ווייל מ׳וויל ניט די האָפענונג פאַרלירן און אַמאָל — ווייל מ׳שרעקט זיך צו ווערן איבערצייגט.

# אידעאַל

מעטעאָרן ווערן אויסגעלאָשן, ווי נאָר זיי דערנענטערן זיך צו דער ערד; אידעאַלן ווערן אויפגעלייזט, ווי נאָר זיי דערנענטערן זיך צו דער ווירקלעכקייט.

אויב אידעאַלן טרוימען און פאַנטאַזירן פון אַזאַ פולקאָמענהייט, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרווירקלעכן, גיבן זיי אָבער אַריין נשמה־דיקייט אין דער ווירקלעכקייט און ווירקן אָפט אויך אויף אַזעלכעס, וואָס זיי זיינען גאָרניט אויסן געווען.

אידעאַלן טראָגן אין זיך די אידעען פון אויסגעטרוימטע וועלטן. אַפילו ווען זיי דערגרייכן ניט די ווירקלעכקייט, גיבן זיי אָבער אַריין די נשמהדיקייט דער ווירקלעכקייט.

מ׳דאַרף זיין גרויס אַן אידעאַל צו באַשאַפן, העלדיש — פאַר אים זיך מקריב צו זיין, און קלוג — כדי אים דורכצופירן.

אַן אידעאַל איז הייליק ווען ער דאַרף דינען דעם לעבן. דאָך יוען אַ מענטש איז מקריב זיין אידעאַל צוליב זיין לעבן, האַלט מען אים פאַר אַן עגאָיסט.

אפשר איז יאָ אַ העלדישקייט איינצושטעלן דאָס לעבן פאַר אַן אידעאַל, אָבער איינשטעלן דאָס לעבן צוליב העלדישקייט — דאָס איז שוין געוויס אַ משוגעת.

אידעאַלן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך, אָבער ניט פאַר זייערע אַנהענגער.

אַן אידעאַל לעבט ווען ער האָט אַ ציל און אַזוי לאַנג — ביז ער דערגרייכט דעם ציל.

אידעען אימפּאָנירן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זיי זיינען אַלמענטשלעך אידעאַליסטיש; קוים ווערן זיי פעדאַנטיש פאַנאַטיש, אַזוי באַלד זעט מען פון דעם אַרויס זייער אָרעמע, נאַקעטע פערזענלעכקייט.

יעדער האָט דאָס רעכט מקריב צו זיין זיין לעבן פאַר אַן אידעאַל, וואָס ביי אים איז ער הייליק. אָבער קיין אידעאַל איז ניט גענוג הייליק צו „צווינגען" דעם אַנדערן מקריב צו זיין זיין לעבן.

אַן אידעאַל טראָגט אין זיך די אידעאַלע פולקאָמענהייט פונעם

צוועק; אַן אידעע טראָגט אין זיך די אידעאַלע שטרעבונג פונעם ציל.

אָן ליבע קאָן מען אידעאַלן ניט טראָגן; אָן אידעאַליזם קאָן מען קיין אידעען ניט ליבן.

נאַרישע מענטשן האָבן נאַרישע אידעאַלן, פּוסטע מענטשן — פּוסטע אידעען.

אַלץ וואָס ס׳איז פאַר דעם לעבן איז גרויס און הייליק. דערפאַר איז דאָס לעבן גרעסער און הייליקער פאַר אַלע אידעאַלן.

דער ציל באַשאַפט דעם אידעאַל, וואָס אידעאַליזירט דעם צוועק און קעמפט אַמאָל פאַר אים און אַמאָל קעגן אים.

פּערל האָבן מער ווערט ווען זיי זיינען אויף איין שנור צונויפ־מען; מענטשן זיינען שטאַרקער ווען זיי זיינען מיט איין אידעאַל פאַראייניקט.

אידעאַלן קען מען ניט קויפן און אידעאַליסטן לאָזן זיך ניט פאַרקויפן.

אידעאַלן זיינען די נשמה־פעדים פונעם גייסטיק־מענטשלעכן לעבן. דער מענטש איז דאָס, ווי און מיט וואָס זיינע אידעאַלן זיינען פאַרבונדן.

## אידעאַליסט — אידעאַליזם

אויך דער נאַר האָט אידעאַלן, אָבער נאַרישע.

דאָס לעבן איז הייליקער פון אַלע אידעאַלן.

מ׳קען ניט קעמפן אָן אַן אידעאַל און מ׳קען ניט זיגן אָן דעם אמת.

קיין אידעאַליסט קען ניט זיין ערלעכער פון דער אידעע.

צו ערשט קומען די דענקער, די טעאָרעטיקער און די איני־ציאַטאָרן; נאָך זיי — די גלויביקע אידעאַליסטן און די פירער, וועלכע פאָרמולירן עס אידעיש פאַר די מאַסן, און נאָך זיי — די קעמפער און די פּראַקטישע טוער און פּרובירן דאָס מעגלעכע אויסצופירן אין לעבן.

אַן ערלעכער אידעאַליסט זוכט די וועלט צו געווינען מיט

אידעאַליזם; אַ פאַרמאַסקירטער אידעאַליסט זוכט די וועלט צו דאָמינירן.

דער ערלעכער אידעאַליסט האַלט די טיר אָפן פאַר דער וועלט.

דער אידעאַליסט האַלט זיך העכער און בעסער פון די, וואָס ווערן באַהערשט פון דער רעאַלער נאַטור, כאָטש אויך ער איז גע־בונדן און געצוואונגען צו לעבן לויט דער נאַטור.

דער אידעאַליסט איז גרייט מקריב צו זיין זיין „היינט" פאַר דעם „מאָרגן" פון דער מענטשהייט; דער עגאָיסט איז גרייט מקריב צו זיין אַפילו די גאַנצע מענטשהייט פאַר זיין „היינט".

נאַרישע אידעאַליסטן באַרעכטיקן אַפילו פאַרברעכנס; פאַר־דאַרבענע אידעאַליסטן שטאַלצירן מיט פאַרברעכנס.

אידעאַליזם אידעאַליזירט דעם ציל, דערוואַרעמט בשמהדיק די שטרעבונג פון צוועקן; פאַראַן אָבער אידעאַליסטן וואָס זיינען אַזוי פעדאַנטיש, אַז ביי זיי איז רעכט דעם גאַנצן צוועק מקריב צו זיין צוליב אַ נאַרישן קאַפּריז.

אָן ליבע קען מען קיין אידעאַליזם ניט פאַרמאָגן; אָן אידעאַליזם קען מען קיין ליבע ניט באַזיצן.

פאַנטאַזיע און אידעאַליזם זיינען צו ווייטזיכטיק; אומוויסנ־הייט און פאַנאַטיזם —— צו קורצזיכטיק.

מיר געווינען פון אידעאַליזם צוליב זיין שטרעבן נאָך פול־קאָמענהייט; מיר וואָלטן פיל פאַרלוירן, ווען ער וואָלט דערגרייכט די פולקאָמענהייט.

די ערגסטע מערדעריי איז די וואָס איז איינגעוויקלט אין אידעאַליזם.

רעאַליזם און אידעאַליזם ראַנגלען זיך און זיינען שטענדיק אין אַ קאָנפליקט.

די נאַטור ווייסט ניט פון אידעאַליזם און איז שטאַרקער פון אידעאַליזם.

אידעאַליזם איז גרייט מקריב צו זיין זיך; פאַנאַטיזם — דעם אַנדערן.

אידעאַליזם איז די רעליגיאָזיטעט פון דערהויבענע געדאַנקען.

אַן אמתער אידעאַליסט איז רעליגיעז אין זיין פּילן, ערלעך אין זיין ווונטש און געטריי אין זיין דינען.

ווילדע אידעאַליסטן מאָרדן צוליב זייער אידעאַליזם; אידעאַלע מענטשן זיינען זיך מקריב פאַר זייער אידעאַליזם.

אידעאַליזם צילט און דינט דעם צוועק. געוויסע אידעאַליסטן זיינען אַזוי נאַריש־פאַנאַטיש, אַז ביי זיי איז רעכט מקריב צו זיין דעם גאַנצן צוועק צוליב זייער פאַנאַטישן אידעאַליזם.

אידעאַליזם שימערט מיט ווירדע פון גרויסקייט, אפילו פאַר־ברעכן בלענדט מיט אומשולד פון הייליקייט, ווען עס טראָגט די מאַסקע פון אידעאַליזם.

## אידעען

אויך אידעען מוזן האָבן מזל. די קליגסטע אידעע, ווען זי פאַלט אַריין צו אַ נאַר, מאַכט ער זי פאַר אַ נאַרישקייט.

וויפל שיינע אידעען שטאַרבן באַלד נאָך זייער געבורט, ניט אַזוי צוליב דער אוממעגלעכקייט פון דער זאַך, ווי צוליב דער טויטער גלייכגילטיקייט.

גרויסע דענקער באַשאַפן גרויסע אידעען און גרויסע אידעען ווערן אויפגענומען פון גרויסע מענטשן, וועלכע זוכן מיט זיי צו ווירקן אויף די ברייטע מאַסן.

אידעען אימפּאָנירן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זיי זיינען אידעאַליסטיש מענטשלעך. קוים ווערן זיי פעדאַנטיש־פאַנאַטיש, אַזוי באַלד ווערן זיי פאַרגליווערט צום האַסן.

אידעען לעבן אין דער אידעאַלער וועלט און ווירקן — אין דער פיזיאָלאָגישער וועלט.

אידעען זיינען נשמות פון גרויסע געדאַנקען, וואָס שוועבן אויף די פליגלען פון אידעאַלע פאַנטאַזיעס.

ווילדע אידעען פאָדערן קרבנות; נאַרישע אידעען ברענגען קרבנות.

ווען אַן אידעע קאָסט קרבנות, ווערט זי פון טפשים פאַר־הייליקט און אירע קרבנות — פאַרגעטערט.

אַן אידעע, וואָס האָט ניט קיין קעגנער, פאַרלירט אויך אירע אָנהענגער.

אַן אידעע ווערט אַמאָל מער פּאָפּולער דורך אירע קעגנער, ווי דורך אירע אָנהענגער.

אידעישע פריינד דיסקוטירן; אידעישע פיינט קריגן זיך.

צווישן אידעישע פריינד זיינען פאַראַן מיינונגס־פאַרשידנהייטן צו דיסקוטירן; צווישן אידעישע פיינט זיינען פאַראַן להכעיסקייטן זיך צו קריגן.

ווי גרויס און דערהויבן אַן אידעע זאָל ניט זיין, מאַכט זי דער נאַר פאַר אַ נאַרישקייט און דער משוגענער — פאַר אַ משוגעת.

ווען מיר טרעפן היפּאָקריטן, וועלכע זיינען פאַלש צו זייערע אידעען, מיינט ניט, אַז אויך די אידעען זענען פאַלש.

די ערלעכסטע אידעען זיינען געקניפּט און געבונדן מיט פערזענלעכע אינטערעסן; ערלעכע אידעאַליסטן אָבער גיבן זיי ניט אויף, ווען אַפילו עס קומט זיי אויס מיטן לעבן צו באַצאָלן.

יעדע אידעע האָט אַ חוץ אידעאַליסטן אויך פאַנאַטיקער, אַזעלכע, וואָס קעמפן פאַר איר און אַנדערע, וואָס קעמפן קעגן איר.

יעדע אידעע האָט אין זיך גוטסקייט און קלוגשאַפט. ווערט זי אָבער פאַנאַטיש, ווערט זי גרויזאַם און נאַריש.

יעדע אידעע האָט צווישן אירע אידעאַליסטישע אָנהענגער אויך פאַנאַטישע וואָס טוען איר מער שאַדן ווי אירע קעגנער.

אידעישע קעגנערשאַפט שלעפּט אָפט מיט פערזענלעכע פיינטשאַפט.

ווען אַן אידעע ווערט ווילד פאַרעקשנט, קומט איר קלימאַקס: אָדער זי קומט אום פון איר פאַרביסענעם פאַנאַטיזם, אָדער פון דער נאָך מער פאַרעקשנטער ווירקלעכקייט.

ווען אַן אידעע ווערט ווילד פאַנאַטיש, איז זי גרייט אַפילו בלוט צו פאַרגיסן.

אַן אידעע הויבט אָן זיך אויפלייזן, ווען זי הויבט אָן פאַרווירקלעכט צו ווערן.

מיסיעס און פונקציעס זיינען שליחים פון אידעען און פליכטן.

ווען אַן אידעע ווערט ווילד פאַנאַטיש ווערט זי ווילד הונגעריק נאָך קרבנות.

ווען אַן אידעע ווערט פאַנאַטיש, ווערט זי גרויזאַם.

יעדער קעגנשטאַנד מוז האָבן אַ באָדן; יעדע אידעע — אַ ציל.

אַן אידעע איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך, אָבער ניט פאַר אירע אַנהענגער.

# אייביקייט

אייביק איז נאָר די אייביקייט.

די אייביקייט פייערט ניט קיין געבורטסטאָג.

פאַר דער אומענדלעכער אייביקייט שפּילן אַפילו יאָרן ניט קיין גרויסע ראָלע; אינעם מענטשלעכן לעבן אָבער שפּילן אַפילו מאָמענטן די גרעסטע ראָלע.

אייביקייט האָט ניט קיין אָנהייב און ענד און ווייס ניט פון קיין אָפּרו און אָפּשטעל.

אייביקייט, ווי אַ רינג, האָט קיין אָנהייב און קיין סוף ניט.

אייביקייט ווייס ניט קיין מאָס פון צייטן, זי ווייס נאָר פון אייביקייטן.

אייביקייט ווייס ניט פון לאַנגווייליקייט.

פאַר דער אייביקייט שפּילן אַפילו יאָרן קיין ראָלע ניט; פאַר דעם קורצן מענטשלעכן לעבן אָבער, שפּילט אָפּט דער קלענסטער מאָמענט אַ באַדייטנדיקע ראָלע.

פאַראַן אַזעלכע וואָס לאַכן וואָס מיר גלויבן מער אָדער ווייניקער אין אומשטערבלעכקייט. אָבער ווען ניט דאָס גלויבן אין דעם, וואָלט דאָס לעבן פאַרגליווערט געוואָרן פון גלייכגילטיקייט און די קולטור וואָלט פאַר אונדז טויט געווען פון אומזיניקייט.

די אילוזיע פון אומשטערבלעכקייט רופט ביי אונדז אַרויס אַלע לעבנס־כוחות און שפּאַנט איין אַלע אונדזערע אייגנשאַפטן צו דינען דער מענטשהייט און צו שאַפן פאַרן לעבן דאָס בעסטע און שענסטע.

די אייביקייט ווייס ניט, אַז זי איז אייביק.

# אייזל

דער אייזל ווייס ניט, אַז ער איז אַן אייזל. דאָס דאַרפֿן וויסן די וואָס זיינען קליגער פון אים.

דער אייזל שווייגט, ווען מען רייט אויף אים, ניט דערפאַר וואָס ער איז צופרידן, נאָר דערפאַר וואָס ער קען ניט שרייען.

אמת, דער אייזל ווייס ניט, אַז ער איז אַן אייזל. אָבער מיר דאַרפן וויסן, אַז ער איז אַן אייזל.

דעם אייזל איז גאַנץ גלייך, צי מען פירט אים אַריין אין אַ גאָרטן מיט בלומען, אָדער אין אַ שטאַל — מיט מיסט.

# איינבילדונג

דער איינגעבילדעטער גיט ניט נאָך, ווייל מען קען אים ניט איבערצייגן; דער עקשן גיט ניט נאָך, ווייל ער וויל זיך ניט איבערצייגן.

דער באַרימטער זוכט אַפּלאָדירט צו ווערן; דער איינגעביל־דעטער אַפּלאָדירט זיך אַליין.

זיך איינצובילדן איז פיל לייכטער ווי זיך אויסצובילדן.

אַ מענטש קען ווערן וואָס ער קען זיין, אָבער ניט וואָס ער קען זיך איינבילדן.

עס איז פיל לייכטער איינצובילדן אַן אויסגעבילדעטן, ווי אויסצובילדן אַן איינגעבילדעטן.

צוטרוי צו זיך איז די זיכערקייט פון פעיקייט און מוט און די פוסטע איינבילדונג פון דעם טרוימער און אומפעיקן.

# איינדרוק

דער ערשטער איינדרוק פון אַ מענטשן איז די אמתע אינ־טואיטיווע, פסיכאָלאָגישע דערשפירונג, וואָס לאָזט זיך שפּעטער פאַרבלענדן פון צוגעוווינטקייט.

די זאָמען פון איינדרוקן ווערן אין אונדז פאַרפלאַנצט אין דער קינדהייט און ווערן מיט דער צייט בולטער און אויסדריקלעכער.

איינדרוקן ליגן באַהאַלטן אין האַרצן; אויסדרוקן ליגן אָפּגע־דעקט אויפן געזיכט.

כדי צו זיין אָריגינעל אין אויסדרוק, מוז מען צו ערשט זיין אָריגינעל אין איינדרוק.

אַ גוטער אויסדרוק מאַכט אַ גוטן איינדרוק.

## איינפלוס

איינפלוס באַווירקט; דיקטאַטור באַהערשט.

איינפלוס מיינט ווירקונג, אָבער ניט הערשונג.

## אייפערזוכט

ליבע איז אָרעם אין שכל; אייפערזוכט — פאַרלירט דעם שכל.

אויב די אייפערזוכט פון אַ מאַן באַווייזט, אַז ער ליבט זיין פרוי, באַווייזט זי אָבער אויך, אַז ער פאַרדינט ניט איר ליבע.

אייפערזוכט איז זעלבסט־דערנידערונג אָדער — באַנקראָטירטע זעלבסט־ווירדע.

די קראַפט פון אייפערזוכט ליגט אין איר ווילדקייט; איר שוואַכקייט — אין איר געבורט.

אויף וויפל אַ מענטש קען זיין שלעכט און ברוטאַל, קען עס נאָר אַרויסווייזן די אייפערזוכט.

אייפערזוכט איז דער ברען־מאַטעריאַל, וואָס מאַכט די ליבע שטאַרקער ברענען.

ליבע רעדט מער מיט איר שווייגן ווי אייפערזוכט — מיט איר שרייען.

אייפערזוכט רופט אַרויס אומטרייהייט; אומטרייהייט — פיינט־שאַפט.

ליבע גרויסט זיך מיט איר אידעאַליזם און אייפערזוכט שטו־רעמט קעגן דער פאַרשוועכונג פון מאָראַל.

אייפערזוכט איז אינטערנאַציאָנאַל און ווייס ניט פון ראַסן און קלאַסן.

ווער עס רייצט זיך מיט ליבע, דער ווערט פון אייפערזוכט געביסן.

שוואַכע פרויען האָבן אַ סיבה צו זיין אייפערזיכטיק אויף זייערע מענער אָבער ניט קיין רעכט.

קנאה איז דאָרט וווּ עס פעלט ליבע; אייפערזוכט — ווּ עס איז דאָ ליבע.

אייפערזוכט איז אַ קאַמף פון ליבע און האַס אויף דער פלאַט־פאָרם פון זעלבסט־ליבע.

אייפערזוכט איז ליבע איינגעטונקט אין האַס.

אייפערזוכט איז פאַרוווּנדעטע ליבע.

אייפערזוכט קען אַ מאַן פאַרוואַנדלען אין אַ טיגער; אַ פרוי — אין אַ שלאַנג.

אייפערזוכט לעבט מיט חשד און זעט אַפילו אין אומשולדיקייט מאָראַלישע זינד.

ווען אַ מאַן איז אייפערזיכטיק, איז ער האַלב משוגע; ווען אַ פרוי איז אייפערזיכטיק, איז זי אינגאַנצן משוגע.

אייפערזוכט איז די ווילדקייט פון ליבע; ליבע איז די שיכרות פון ליידנשאַפט.

# אינהאַלט

דער שרייבער וואָס האָט אונדז באמת וואָס צו זאָגן, רעכנט זיך מער מיט דעם געדאַנק פונעם אינהאַלט, ווי מיט דער שיינקייט פון דער פאָרם.

עס קען זיין פאָרם אָן אינהאַלט, אָבער עס קען ניט זיין קיין אינהאַלט אָן פאָרם.

טענדענץ איז די נשמה פונעם אינהאַלט.

אַ קריטיקער קוקט טאַקע אויף דער פאָרם, אָבער ער רעכנט זיך מיט דעם אינהאַלט.

געוויסע געדאַנקען קריגן זייער אָנזען ניט צוליב זייער אינ־האַלט נאָר צוליב זייער פאָרם.

ס׳קען זיין אינהאַלט אָן קונסט, אָבער ניט קונסט אָן אינהאַלט.

אַ שיינער איינבונד מאַכט דאָס בוך שענער, אָבער ניט בעסער דעם אינהאַלט.

אינהאַלט איז די נשמה פון אַ ווערק; סטיל און פאָרם זיינען נאָר די קליידער.

אַ שיינע פאָרם אָן אינהאַלט איז ווי אַן אויסגעפּוצטע ליאַלקע.

## אינטעליגענץ

קלוגשאַפט, עטישקייט און דערפאַרונג איז דער חוט־המשולש פון אינטעליגענץ.

## אינסטינקט

אינסטינקט איז דער פאַרשטאַנד פון דעם אונטערבאַוווסטזיין; שכל — פון דעם באַוווסטזיין.

ביי שרעק ווערט דער שכל פאַראַליזירט. בלויז אינסטינקט בלייבט ביים רודער צו האַנדלען לויט די אומשטאַנדן.

דער אינסטינקט פון לעבן איז פון געבורט אָן פאַרבונדן מיט דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע חושים און בלייבט איבער דער לעצטער אויף זיין פּאָסטן.

אינסטינקט איז נאַטור־מיטגעבוירענע אינטעליגענץ; שכל איז שוין אַ העלפט אייגנשאַפטלעך און אַ העלפט אויסבילדלעך.

אינסטינקט איז פאַרבאָרגן בלינד, אָבער וואַכזאַם געשווינד.

אויפמערקזאַמקייט איז די וואַכזאַמקייט פון אינסטינקט.

די געוווינהייט איז אַזוי שטאַרק אַז אַפילו דער אינסטינקט ווערט פון איר באַהערשט און באַזיגט.

דער אינסטינקט פון לעבן איז דער לייבוועכטער פון לעבן, וואָס זעט, הערט און דערשפּירט מיט זיין פרימיטיווער נאַטיר־ליכקייט בעסער און שאַרפער ווי געפיל און פאַרשטאַנד.

דער אינסטינקט פון אַ זויגלינג איז פול מיט שרעק, און וואָס מער זיין שכל הויבט זיך אָן אַנטוויקלען, אַלץ מער ווערט ער צו אַלץ אַרום צוגעוווינט און פאַרלירט זיין שרעק.

דער פאַרשטאַנד פון אַ זויגלינג איז זיין אינסטינקט, און ווי ער הויבט אָן קריגן שכל, אַזוי באַלד הויבט ער אָן מיט זיין אינסטינקטיוו קינדערישער עמפינדלעכקייט דאָס נאַענטע און אַרומיקע מיט נייגער צו באַאָבאַכטן און נאָכצומאַכן.

אינסטינקט היט אונדז; פאַרשטאַנד וואָרנט אונדז.

שטאַרק איז דער אינסטינקט פון לעבן, נאָך שטאַרקער — דאָס געזעץ פון דער נאַטור.

## אינספּיראַציע

אינספּיראַציע קען אַ טויטן ניט אינספּירירן.

אַן געפיל קען מען ניט אינספּירירט ווערן; אַן פאַרשטאַנד קען מען עס ניט אויסדריקן.

אינטואיציע איז די גייסטיקע קראַפט פון אינסטינקט; אינספּיראַציע — פון געפיל.

אינספּיראַציע קאָן מען ניט נאָכמאַכן און אינטואיציע קאָן מען ניט פלאַגירן.

אינספּיראַציע קען דערגרייכן דאָס העכסטע; פאַנטאַזיע — דאָס ווייטסטע.

## אַכטונג

אָן צוטרוי קאָן מען ניט ווירקן; אָן אַכטונג קאָן מען ניט רעאַגירן.

זעלבסטאַכטונג גייט אויף דעם זעלבן וועג ווי שטאָלצקייט, מיט דעם אונטערשייד וואָס זעלבסטאַכטונג איז באַשיידן און שטאָלצקייט בלאָזט פון זיך.

ווער עס אַכט זיך אַליין ניט, דער קען עס פונעם אַנדערן ניט דערוואַרטן.

אַכטונג איז דער העכסטער, ערלעכסטער אויסדרוק צו דעם ווערט פון אַ מענטשן, וואָס חניפה טוט עס אייגננוציק נאָכמאַכן מיט פאַלשקייט.

ווער עס איז באמת ווערט אַכטונג, דער דאַרף ניט זיכן עס צו געווינען מיט חניפה.

ווער עס האָט פאַר זיך רעספּעקט, דער האָט עס אויך פאַר דעם אַנדערן.

רעספּעקט קוקט אַרויף. פאַראַכטונג קוקט אַראָפּ.

אַכטונג איז דער פונדאַמענט פון פריינדשאַפט; פריינדשאַפט — פון ליבע.

רעספּעקט איז פאַרבונדן מיט בושה, אָבער ניט מיט מורא.

## אמת

אַ גלייכוואָרט איז אַ גלייכער אמת, אַ גוט וואָרט — אַ גוטער אמת, און אַ קלוג וואָרט — אַ קלוגער אמת.

אַן אַפּאָריזם איז אַ טיפער אמת, אַ שפּריכוואָרט — אַן אָפענער אמת און אַ פּאַראַדאָקס — אַ באַהאַלטענער אמת.

ניט פאַר אַלעמען האָט דער אמת דעם זעלבן טעם: פאַר איינעם איז ער זיס ווי האָניק, פאַר אַ צווייטן — ביטער ווי גאַל.

אַ גוט וואָרט איז ניט אַלעמאָל אַן אמת וואָרט.

דער אמת דאַרף ניט טראַכטן וואָס צו זאָגן, נאָר — ווי צו זאָגן.

מאָלן דעם אמת, מיינט נאָך ניט, זאָגן דעם אמת.

לאָגיק וווינט ביי דעם אמת.

דער אמת איז גאָרניט שולדיק ווען היפּאָקריטן פאַראַדירן מיט אים און נאַראָנים פאַרמיאוסן אים.

קיין אמת קען ניט אויפטרעטן אַלס אמת אין יעדן פּלאַץ און צו יעדער צייט.

כדי צו קענען זען דעם אמת, מוז מען צו ערשט פאַרשטיין דעם אמת און צו מעגן פאַרשטיין דעם אמת, מוז מען צו ערשט דערפילן דעם אמת.

אַז מען ווייסט ניט דעם אמת, קען מען דאָך ניט זאָגן דעם אמת.

פאַלש קען מען זיין אַפילו מיט דעם זאָגן דעם אמת.

ניט יעדער וואָס זוכט דעם אמת, קען אים געפינען און ניט יעדער, וואָס קען אים געפינען, זוכט אים צו געפינען.

אַפילו ווען מען זאָגט דעם אמת, קען עס אויך הייסן רכילות, אויב מען איז מיט דעם אויסן דעם אַנדערן ווײ צו טאָן.

כאָטש דער אמת באַהאַלט זיך ניט, דאָך איז שווער אים צו געפינען.

דעם אמת קאָן מען אַרויסזינגען און דעם אמת קאָן מען אַרויסשרייען; מ׳דאַרף אָבער וויסן, ווען אים אַרויסצוזאָגן און ווען אים אַרויסצושרייען.

דער אמתער אמת דאַרף ניט קיין משלים.

דער אמת טראַכט „ווי" צו זאָגן; דער שקר — „וואָס" צו זאָגן.

דער אמת דאַרף ניט טראַכטן „וואָס" צו זאָגן, נאָר — „ווי" צו זאָגן.

אַ פאַלשער אמת איז ערגער ווי אַן אמתער ליגן; אַ האַלבער אמת — ווי אַ גאַנצער ליגן.

וועלן הערן דעם אמת איז שיין; זאָגן דעם אמת — איז נאָך שענער.

פאַר צווײ סאָרטן מענטשן איז שווער דעם אמת צו געפינען: פאַר די וואָס האָבן קיין שכל ניט אים צו פאַרשטיין און פאַר די וואָס האָבן קיין ערלעכקייט ניט אים צו זוכן.

דער אמת איז דער קאָנטראַסט פון שקר. דאָך איז שווער צו וויסן וווּ דער שקר הויבט זיך אָן און וווּ דער אמת ענדיקט זיך.

ערלעכקייט גייט מיטן אמת; קלוגשאַפט פירט דעם אמת.

פאַראַן מענטשן, וואָס זעען ניט דעם אמת, ווייל זיי האָבן מורא אים צו זען.

ווען דער אמת פאַלט אַמאָל אַנידער, הויבט ער זיך אויף נאָך שטאַרקער ווי פריער.

ס׳איז שיין צו טראָגן דעם אמת, אָבער — מיט ריינע הענט.

דער אמת גייט מיט דער ווירקלעכקייט, אָבער ניט מיט פאַנטאַזיע.

אויך דער אמת קען אַמאָל פאַלן, אָבער — ניט בלייבן ליגן.

קעמפן פאַר דעם אמת מיינט שוין אויך קעמפן קעגן שקר.

דער אמת לאָזט זיך אַמאָל פאַרשווייגן, אָבער ניט פאַר־לייקענען.

אַ פאַנאַטישער אמת איז אַמאָל ערגער ווי אַ פאַלשער אמת.

אַ ליגנער שווערט זיך אַפילו ווען ער זאָגט דעם אמת.

אַ קלוגער מענטש זעט דעם אמת און פאַרשטייט דעם אמת; אַ גרויסער מענטש, אָבער, פירט צום אמת און ווירקט מיט דעם אמת.

אַ גדול פירט צום אמת, אַ צדיק היט דעם אמת, אַ קלוגער פאַרשטייט דעם אמת און אַ נאַר — דערהרגעט דעם אמת.

אַלע מאַסקעס ווערן מיט דער צייט דעמאַסקירט, נאָר ניט דער פאַלשער אמת.

גאַנץ אָפט פאַרמאַסקירן זיך מענטשן אויף אַ מאַסקנבאַל אַזוי ווי זיי זענען אין דער אמתן.

## אַנטוישונג

אין ווען מ'איז ניט פאַרטרויט, אין דעם ווערט מען ניט אַנטוישט.

וואָס גרעסער די פאַרגעטערונג, אַלץ שטאַרקער איז די אַנטוי־שונג.

אַנטוישונג איז דער באַנקראָט פון גלויבן; פאַרצווייפלונג — פון זיכערקייט.

## אָפּטימיזם

אָפּטימיזם שווימט פון אויבן; פּעסימיזם זינקט צום גרונט.

לוסטיקייט איז ניט אַלע מאָל דער שפּיגל פון אָפּטימיזם, אַמאָל איז זי אַ מאַסקע פון פּעסימיזם.

אָפּטימיזם לאַכט אַפילו פונעם טויט; פּעסימיזם וויינט אַפילו איבער דעם לעבן.

# אַפּלאָדירן

ווער עס איז נאָר אויסן אַפּלאָדירט צו ווערן, דעם אַרט ניט ווער עס אַפּלאָדידט אים.

דער טאַלאַנטלאָזער זוכט אַפּלאָדירט צו ווערן; דער קינסטלער וויל נאָר פאַרשטאַנען ווערן.

בדרך כלל אַפּלאָדירן אַממייסטן די וואָס פאַרשטייען אַמ־ווייניקסטן.

ווען מען איר קענט צוטרעפן וואָס אים געפעלט, דער וועט אייך אַפּלאָדירן.

אַפּלאָדיסמענטן, אַמאָל דערמוטיקן זיי דעם קינסטלער, און אַמאָל — פאַרטומלען זיי דעם קינסטלער.

דער עכטער קינסטלער דאַרף ניט זוכן קיין אַפּלאָדיסמענטן אין די הענט פון פובליקום, ער געפינט זיי אין זיין שאַפן.

דער וואָס אַפּלאָדירט אַלעמען, דער פאַרשטייט קיינעם; ווער עס אַפּלאָדירט קיינעם, דער פאַרשטייט נאָר איינעם.

די וואָס זיינען ווערט אַפּלאָדיסמענטן זוכן ניט קיין אַפּלאָדיס־מענטן.

קליינע מענטשן זוכן אַפּלאָדיסמענטן ביים „היינט"; גרויסע מענטשן — ביים „מאָרגן".

אַפּלאָדיסמענטן זיינען אַן אויסדרוק פון באַוווּנדערונג; רעס־פעקט — פון אַכטונג.

ס'איז שלעכט צו נעמען מתנות ווען מ'איז אָרעם, דאַנקבאַר־קייט — ווען מען האָט עס ניט פאַרדינט און אַפּלאָדיסמענטן — ווען מ'איז זיי ניט ווערט.

ניט יעדן אַפּלאָדירט מען דערפאַר ווייל ער אַפּעלירט.

פאַר ווען מ'האָט באמת רעספּעקט, דעם שעמט מען זיך פער־זענלעך צו קאָמפּלימענטירן.

אויך דער מלאך המות פאַרדינט אַמאָל אַפּלאָדירט צו ווערן, אָבער ניט געקושט צו ווערן.

## אָפּנאַרעריי

די חכמה פון פּאָליטיק איז אָפּנאַרעריי און שווינדל.

אָפּנאַרעריי איז ניט קלוג.

אין אָפּנאַרעריי ליגט איינפאַל, אָבער אויך — אַריינפאַל.

## אָפּשאַצן

מ׳קען ניט אָפּשאַצן אַ מענטשן נאָך זיינע קליידער, נאָר — ווי ער טראָגט זיינע קליידער.

פּראָסטע מענטשן שאַצן אָפּ אַפילו גייסטיקע ווערטן נאָכן מאָגן.

## אַקטיאָרן

טעאַטער איז פאַר איינעם אַ לעבנס־לערער, אַ לעבנס־שולע, פאַר אַ צווייטן — אַ צייטפאַרטרייב און פאַר אַ דריטן — ווי אַ געשמאַקן דרימל צו טאָן.

די גרעסטע קונסט פון אַן אַקטיאָר איז ניט צו שפּילן „קינסט־לער״, נאָר „נאַטירלעך״.

ס׳איז מער קונסט צו זיין אַ גוטער קאָמיקער ווי אַ גוטער טראַגיקער, ווייל דער קאָמיקער מוז באַווייזן קונסט אין קאָמישע, נאַרישע ראָלן.

דער גרויסער קאָמיקער פילט זיך אָפט טראַגיש, וואָס ער מוז לאַכן פון וואָס עס איז צו וויינען.

אַן אַקטיאָר דאַרף זיין טאַלאַנטפול און קלוג צו קענען גוט שפּילן די ראָלע פון אַ נאַר.

פון בינע־פיבער ליידט דווקא דער טאַלאַנטירטער אַקטיאָר. דער טאַלאַנטלאָזער אַקטיאָר — האָט ניט פאַרוואָס זיך צו שרעקן.

אַן עכטער קאָמיקער קאָן אַפילו פון אַ טראַגעדיע מאַכן קאָ־מיש צום לאַכן, אַ טאַלאַנטירטער טראַגיקער קאָן אַפילו פון אַ קאָ־מעדיע מאַכן טראַגיש צום וויינען.

שלעכטע אַקטיאָרן אין אַ גוטער פּיעסע ווייזן אַרויס זייער טאַלאַנטלאָזיקייט — נאָך בעסער.

אַ גוטע דראַמע איז אַלעמאָל ניי. אַ גוטער אַקטיאָר איז קיינ־מאָל ניט אַלט.

וואָס שוואַכער דער אַקטיאָר איז, אַלץ שטאַרקער צעהרגעט ער דעם דראַמאַטורג.

דער אַקטיאָר איז דער „מעדיום" צווישן דעם דראַמאַטורג און פּובליקום.

דער אַקטיאָר, וועלכן ס'איז לייכט צו דערקענען אין יעדער ראָלע, איז ניט קיין קינסטלער.

דער אַקטיאָר, וואָס שפּילט פאַר אַפּלאָדיסמענטן, פאַרשפּילט זיין קינסטלערישקייט.

ווען אַן אַקטיאָר וואָלט געשפּילט רעאַליסטיש ווי דיווירקלעכ־קייט איז, וואָלט ער פאַרן פּובליקום ניט געווען אַזוי אינטערעסאַנט.

וואָס טויג אַ גרויסער שוישפּילער צו זיין, ווען מ'האָט ניט קיין בינע צו שפּילן?

דער גרעסטער אַקטיאָר קען איינער אַליין קיין טעאַטער ניט שפּילן.

די קונסט פון אַן אַקטיאָר איז צו קענען ריידן מיט זיין שווייגן.

דאָס לעבן איז אַ שוישפּיל אין וועלכן די מענטשן אַליין זיינען די אַקטיאָרן.

אַן אַקטיאָר שפּילט וואָס דער דראַמאַטורג דראַמאַטיזירט. דאָך קען אַ גוטער אַקטיאָר אויסשפּילן בעסער, ווי די דראַמע זאָגט אים.

אַ גוטער אַקטיאָר קען זיך דערדינען דעם טיטל קעניג אַפילו שפּילנדיק די ראָלע פון אַ פּראָסטן „סאָלדאַט".

## אַרבעט

ווער ס'וויל ניט ליידן פון נויט, דער טאָר ניט זיין איבער־קלייבעריש צו אַרבעטן — ניט צוצולאָזן די נויט.

שמוציקע הענט זאָגן נאָך ניט, אַז זיי זיינען שמוציק פון אַר־בעט.

די שווערסטע אַרבעט איז אַרומצוגיין ליידיק.

דער אַרבעטער ווייסט, אַז די מאַכט ליגט אין אים. די צרה איז, וואָס ער געטרויט זיך ניט.

ווער עס אַרבעט אומזיסט, דער הונגערט אומזיסט.

די אַרבעט פון אַ בעזים איז פּראָסט און פשוט, אָבער אַלטעגלעך נויטווענדיק.

## אָרעמקייט

אין דעם שטרייט צווישן אָרעם און רייך האַנדלט זיך אין דעם, וואָס די ערשטע ווילן אויך לעבן, און די לעצטע — אַז נאָר זיי זאָלן לעבן.

ווער עס איז גייסטיק רייך, דער איז ניט אָרעם.

אַ מענטש קען פאַרמאָגן די גאַנצע וועלט; פעלט אים צופרידנהייט, פאַרמאָגט ער גאָרנישט.

שווער רייכטום צו שאַפן, נאָך שווערער אָרעמקייט אָפּצושאַפן.

„אַן אָרעמאַן איז אַ יחסן" — זאָגט די וועלט. דאָך איז צו גלויבן, אַז יעדער אָרעמאַן וואָלט גערן אויסגעביטן זיין יחוס אויף עשירות.

אַן אָרעמאַן האָט ניט וואָס אָנצוווערן, אַ נאַר האָט ניט וואָס צו פאַרלירן.

שווער איז דעם גביר זיך צו שיידן מיט זיין רייכטום. אויך ניט לייכט איז דעם אָרעמאַן זיך צו שיידן מיט זיין דלות.

## ב.

## באַגייסטערונג

באַגייסטערונג קומט פון פילן און פאַרשטיין; פאַרגעטערונג קען קומען אויך פון אומוויסנהייט.

## באַגריף

באַגריף האָט ניט קיין טאַריף; ס׳האָט אָבער אַ גרענעץ פון וויסן און פאַרשטיין.

## באַגרענעצט

באַגרענעצט איז נאָר אונדזער אויג צו זען, אָבער ניט אונ־דזער האַרץ צו ווינטשן.

שווער צו וויסן די גרענעצן פון לעבן, נאָך שווערער איז צו וויסן זיי ניט אַריבערצוטרעטן.

באַגרענעצט איז נאָר אונדזער קערפּער, אָבער ניט אונדזער גייסט.

## באַוווּנדערונג

גוטע פעיקייטן ווערן באַוווּנדערט; גוטע מידות — פאַרערט.

ווער ס׳פילט ניט קיין באַליידיקונג, דעם קען מען ניט באַ־ליידיקן.

## באַצאָלן

ווער עס באַצאָלט צו דער צייט, דער קריגט געבאָרגט צו דער צייט.

עס העלפט ניט דאָס דינגען זיך, ווען יענער האָט ניט קיין געלט צו באַצאָלן.

## באַרג

אַרויף באַרג דאַרף מען דאָס פערד האָבן עס זאָל דעם וואָגן אַרויפשלעפּן. אַראָפּ באַרג — עס זאָל אים אָפּהאַלטן.

ס׳איז שוין לייכטער אַ באַרג אָפּצוגראָבן, ווי אים אַריבערצו־שפּרינגען.

ווו עס איז דאָ באַרג אַרויף, דאָרט איז אויך דאָ באַרג אַראָפּ.

דער איינצלנער באַרג איז אַזוי עלנט אין דער ליכטיקער הויך, ווי דער איינצלנער שטיין אין פינצטערן טאָל.

ס׳איז לייכטער פון אַ באַרג אַראָפּצופאַלן, ווי פון אַ טאָל אַרויסצוקריכן.

דער באַרג וואָס שטייט אַלץ פאַר אונדזערע אויגן, פאַרלירט פיל פון זיין גרויסקייט אין אונדזערע אויגן.

## באַרימעריי

אַ באַרימער באַרימט זיך מיט דעם, וואָס ער באַזיצט; אַ פּוס־טער באַרימער באַרימט זיך מיט דעם, וואָס ער וואָלט געוואָלט באַזיצן.

סיי דער באַרימער און סיי דער בעל גאווה זיינען ביידע איינ־געבילדעטע נאַראָנים, מיט דעם אונטערשייד, וואָס דער ערשטער שטופּט זיך צו אונדז מיט זיין נאַרישער איינבילדונג און דער צוויי־טער רוקט זיך מיט דעם פון אונדז אָפּ.

דער באַרימער איז אַלץ פאַרטאָן אין באַרימען זיך. דאָ ליגט די הויפּט־סיבה פון זיין פּוסטקייט.

דער באַרימער, אַפילו ער לויפט פונעם שטאַרקערן אַ צעבלו־טיקטער, באַרימט ער זיך נאָך: אַז ווען ער וואָלט אויף אים קיין רחמנות ניט געהאַט, וואָלט ער אים געהאַט דערהרגעט.

דער באַרימער איז אַזוי פאַרטאָן אין באַרימען זיך, אַז ער האָט קיינמאָל קיין צייט ניט ווען צו לערנען, ווען צו פאַרדינען, אַז אַנ־דערע זאָלן אים רימען.

ווער ס׳איז אַ באַרימער מיטן מויל, דער איז מייסטנס אַ פּחדן מיט דער האַנט.

פאַר דעם שטאַרקערן לויפט דער באַרימער פאַרביי; ער שטעלט זיך נאָר אָפּ באַרימען — ביי דעם שוואַכערן.

אַנטלויף פונעם באַרימער, ווייל ער שטייט ניט ווייט פונעם ליגנער; אַנטלויף פון זיי ביידן, ווייל זיי שטייען ניט ווייט פונעם אָפּנאַרער.

ס׳איז אַ כבוד פאַר דעם לייב ווען ער ווערט געלויבט און גע־רימט פונעם טיגער אָבער ניט פונעם העזל.

אַ גאון דאַרף זיך ניט באַרימען אַז ער איז אַ גאון.

פּאָפּולער קען ווערן אויך אַ נאַר; באַרימט — נאַר אַ חכם.

פון רימען זיך קען מען ניט ווערן באַרימט.

עס וואָלט זיין נאַריש פון דעם לייב, ווען ער זאָל זיך באַרימען, אַז ער האָט ניט קיין מורא פאַרן הונט.

באַרימער זיינען גרויסע העלדן מיטן מויל און ליגן באַהאַלטן אונטער דער פּערענע.

ווען איינער באַרימט זיך, אַז ער איז גרייט אַוועקצוגעבן דעם אַנדערן דאָס לעצטע, קען עס גאָר מיינען, אַז ער איז גרייט גאָר אַוועקצונעמען פונעם אַנדערן דאָס לעצטע.

פאַראַן מענטשן, וואָס פאַר דער וועלט איז מיט זיי זיך צו באַרימען, אָבער אין דער היים איז מיט זיי זיך צו שעמען.

פאַראַן אַזעלכע וואָס ווערן באַרימט, מאַכנדיק אַנדערע באַרימט.

וואָס מ׳זאָל ניט דענקען וועגן באַרימעריי, מיט גאַרניט באַרימט זיך קיינער ניט.

די קאַץ קען זיך ניט באַרימען, אַז זי טשעפּעט ניט דעם טיגער.

ווען איינער באַרימט זיך צו פיל מיט דעם וואָס ער איז, הויבט מען אָן צו צווייפלען, אויב ער איז דאָס, וואָס ער איז.

ניט עדער וואָס איז גרויס איז באַרימט און ניט יעדער וואָס איז באַרימט איז גרויס.

אַז מ׳גיט אַוועק די צייט צו באַרימען זיך — בלייבט קיין צייט ניט צו ווערן באַרימט.

# בגד

בעסער אַן אַלטן בגד אַן אייגענעם, ווי אַ נייעם בגד אַ גע־ליענעם.

אַ בגד וואָס האָט שוין אַ לאַטע, איז אַ האַלבע שמאַטע.

# בהמה

ניט יעדער וואָס האַנדלט ווי אַ בהמה איז אַ בהמה, אָבער יעדער וואָס איז אַ בהמה, האַנדלט ווי אַ בהמה.

ווען די בהמה וואָלט געקענט טראַכטן, וואָלט זי פּאַנטאַזירט צו מאַכן אַלע מענטשן פאַר בהמות.

ווען די חיה וואָלט געהאַט אַ געפיל פון רעכט און אומרעכט, וואָלט זי פון דעם ניט געוואָלט וויסן, און די בהמה — וואָלט עס ניט באַגריפן.

ווען די בהמה וואָלט געהאַט שכל צו וויסן, אַז זי איז אַ בהמה, וואָלט זי שוין דערזען, אַז דער מענטש איז גאַר אַ חיה.

וואָס טויג אַ גאָלדענע קו, אַז זי גיט ניט קיין מילך?

ווען די בהמה וואָלט צוויי פיס געהאַט, וואָלט זי אויך אַ בהמה געווען.

אַ בהמה קען מען ניט באַליידיקן.

אַ שיינע קו, וואָס גיט קיין מילך ניט, איז גוט צו פאַרקויפן, אָבער ניט צו האַלטן.

אַ בהמה איז אַ בהמה אַפילו ווען מ׳האַלט זי אין אַ פּאַלאַץ.

אַ בהמה האַלט מען ניט פון שיינקייט וועגן, זי מוז ברענגען נוצן.

## בוך — ביכער

די טאָוולען פון אַ בוך פאַרהיטן נאָר דאָס בוך, אָבער זיי אַליין וויסן גאָרנישט וואָס ס׳טוט זיך אינעם בוך.

ביכער וואָס זיינען געשריבן מיט האַרץ און בלוט אָטעמען מיט אומשטערבלעכקייט.

גוטע ביכער מוז מען קלייבן; גוטע פריינד מוז מען זוכן.

די וואָס לערנען פון ביכער וויסן מער, אָבער די וואָס לערנען פון לעבן וויסן בעסער ווי צו לעבן.

אמת, אַ שיין בילד איז שענער פון אַ גוט בוך. דערפאַר אָבער איז אַ גוט בוך בעסער פון אַ שיין בילד.

דאָס בעסטע בוך איז דאָס לעבן אַליין. אָבער אַפילו דאָס בעסטע בוך מיינט גאָרניט, ווען מ׳קען עס ניט פאַרשטיין.

גוטע ביכער זיינען בעסער פון גוטע פריינד, ווייל זיי קאָנען ניט ווערן קיין שונאים.

ביכער לערנען ווי צו פאַרשטיין דאָס לעבן; דערפאַרונג לערנט ווי זיך צו באַגיין אין לעבן.

אַ בריוו זאָגט, ווי מ׳לייענט אים; אַ בוך — ווי מ׳פאַרשטייט אים.

גוטע ביכער זיינען פירושים פון לעבן; שלעכטע ביכער זיינען שטותים פון לעבן.

צייטונגען האָבן מער צו טאָן מיט די אויסדרוקן פון לעבן; ביכער מיט די איינדרוקן פון לעבן.

אַ רעכטע זייט און אַ לינקע זייט האָט נאָר אַ בלאַט פון אַ בוים, אָבער ניט פון אַ בוך.

ביכער עפענען פאַר אונדז יענעמס געדאַנקען און בילדן אונדזערע אייגענע געדאַנקען.

אַ שיינע שפּראַך פאַרטאָפּלט דעם אינהאַלט פון אַ בוך; אָן אינהאַלט העלפט ניט קיין שיינע שפּראַך.

שלעכטע איבערזעצער פון גוטע ווערק זיינען גייסטיקע מערדער.

פון ביכער לערנען מיר טעאָרעטיש; פון לעבן — פּראַקטיש.

ביכער ווערן געשריבן פאַר אַלעמען גלייך, אָבער זיי ווערן ניט פאַרשטאַנען פון אַלעמען גלייך.

אַ בוך מוז געשריבן ווערן מיט האַרציקייט פון אַ בריוו און מיט אינטעלעקט פון אַ דענקער.

דער בעסטער נאָמען פון אַ בוך קאָן ניט אויסדריקן די נשמה פון בוך.

איינער לייענט אַ בוך כדי וואָס זיך צו דערמאָנען, זיך צו געפינען; אַ צווייטער — כדי וואָס צו פאַרגעסן, זיך צו באַהאַלטן.

בוך־מענטשן האָבן איינגעבויגענע רוקנס און זייערע ביכער — אָפּגעריבענע רוקנס.

אַ בוך וואָס רעגט ניט אָן נאָכאַמאָל עס איבערצולייענען האָט ניט דעם ווערט דאָס ערשטע מאָל געלייענט צו ווערן.

וואָס טויג צו האָבן גוטע ביכער, אַז מען לייענט זיי ניט. און וואָס טויג צו לייענען גוטע ביכער, אַז מען לערנט פון זיי ניט?

אַ גוטער לייענער קויפט ניט אַ בוך בלויז פאַר זיין גוטן איינ־בונד.

איין גוט בוך אין קאָפּ האָט מער ווערט ווי הונדערט ביכער אין ביכער־שראַנק.

צייטונגען זיינען די שפּיגלען פונעם טאָג; ביכער — פון דער צייט.

איינער לייענט אַ בוך; אַ צווייטער לערנט אַ בוך.

אַ בוך מוז געשריבן ווערן מיט געפיל און געדאַנק און רעדאַ־גירט ווערן מיט פאַרשטאַנד און לאָגיק.

אַ בוך־וואָרעם קען דורכלעכערן אַלע בלעטער פון אַ בוך, און דאָך ניט וויסן, וואָס ס׳טוט זיך אינעם בוך.

דער מענטש איז דאָס וואָס פאַר אַ ביכער אים אינטערעסירן און ווערט דאָס, וואָס פאַר אַ ביכער ער לייענט.

אויסערלעך שאַצט מען אַ בוך נאָך זיין שיינקייט, אינערלעך — נאָך זיין אינהאַלט.

אַ גוט בוך נייטיקט זיך ניט אין הקדמות, אַ שלעכט בוך — העלפן ניט קיין הסכמות.

די בעסטע איבערזעצונג איז בלויז אַ גוטע פאָטאָגראַפיע פון דעם אָריגינאַל.

איינער לייענט אַ בוך צו באַרייכערן זיין וויסן; אַ צווייטער — צו פאַרטרייבן זיינע געדאַנקען, זיינע זאָרגן.

כדי אַ בוך זאָל קענען נאָס מאַכן דעם לייענערס אויגן, מוז עס געשריבן ווערן מיט טרערן.

## בושה

ווער עס האָט ניט קיין בושה, פאַר דעם האָט מען ניט קיין בושה.

האָבן בושה פאַר דעם אַנדערן איז זייער שיין, אָבער האָבן בושה פאַר זיך — איז נאָך שענער.

## בילדונג

בילדונג קען נאַר מאַכן קליגער דעם אומוויסנדן, אָבער ניט דעם נאַר.

בילדונג איז ניט אַזוי נויטיק פאַר דערפאָלג, ווי זי איז נויטיק, ווען מ'איז דערפאָלגרייך.

בילדונג איז די זון פון פאַרשטאַנד; טוגנט — פון האַרצן.

בילדונג מאַכט קליגער דעם חכם, ניט דעם נאַר.

בילדונג קען פאַרטרייבן אומוויסנהייט, אָבער ניט אומדער־צויגנקייט.

בילדונג איז דער פאַקל וואָס באַלייכט דעם וועג, אָבער ניט דער אַוואַנגאַרד, וואָס פירט אינעם וועג.

פאַר זונשיין פאַרשווינדט טוי; פאַר אייניקייט — שוואַכקייט און פאַר בילדונג — אומוויסנהייט.

בילדונג איז גוט ווען גוטע מענטשן באַזיצן זי; שלעכטע מענטשן טוען מיט איר מער שלעכטס.

בילדונג זוכט צו דערקענען די רעזולטאַטן; וויסנשאַפט זוכט צו דערפאָרשן די סיבות.

## בלומען

אמת, די בלום ווייס ניט פון דער שיינקייט ווען זי בליט, דער־פאַר פילט זי ניט דעם אומעט ווען זי וועלקט.

ווו אַ בלום וואַקסט, דאָרט בליט זי.

וואָס צאַרטער און שענער אַ בלום, אַלץ אַנגענעמער איז איר אַראָמאַט.

בלומען וואַקסן אַפילו אויף שטיינער, אָבער ניט ווען מען וואַרפט אויף זיי שטיינער.

צווישן ווילד גראָז איז יעדע בלום אַ קעניגין.

אַ וואַלד איז אַ שטאָט פון ביימער; אַ גאָרטן — פון בלומען.

ווען בלומען האָבן ניט ווער עס זאָל זיי באַוווּנדערן, האָבן זיי ניט מער ווערט ווי גראָזן.

בלומען זיינען שענער פון קאָרן, אָבער ניט וויכטיקער.

ס׳איז לייכט צו לעבן אָן בלומען; ס׳איז אָבער שווער צו לעבן אָן ברויט.

אַרויסרייסנדיק אַ דאָרן קומט אונדז אָפּט אויס אויך מיטצו־רייסן אַ בלום.

געמאָלענע בלומען וועלקן ניט.

## בעל צדקה

דער אמתער בעל־צדקה לאָזט זיך ווי אַזעלכער ניט דערקענען.

ווען אַ גרויסער גביר גיט אָן אָרעמאַן אַ קליינע נדבה, ווערט ער פון אים באַדאַנקט מיט אַ באַהאַלטענער קללה.

## ברכות

ווער עס איז באמת ווערט ברכות, האָט קיין מורא ניט פאַר קללות.

## ג.

## גאווה

אַמביציע העלפט צו שטייגן העכער; גאווה — צו זינקען ני־דעריקער.

שטאָלצקייט גייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ; גאווה — מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ.

גאווה ברענגט צו איינזאַמקייט; שנאה צו עלנטקייט.

גאווה איז פאַלשע שטאָלצקייט; שטאָלצקייט — איבערגעטרי־בענע זעלבסטאַכטונג.

זעלבסטאַכטונג געווינט אַכטונג; גאווה — פאַרשפּילט זי.

זעלבסט־רעספּעקט ווייזט אויף אינערלעכע ווירדיקייט; גאווה — אויף אינערלעכע פּוסטקייט.

גאווה איז אין „קריג" מיט חכמה און „קושט" זיך מיט נאַריש־קייט.

## גאָט

ווער עס גלויבט ניט אין גאָט, דער קען צו אים קיין טענות ניט האָבן.

ס'איז לייכטער פאַר דער פאַנטאַזיע צו שאַפן אַ גאָט, ווי פאַר דער ווירקלעכקייט — אַ פולקאָמענעם מענטשן.

ווען מ'דינט גאָט און דעם טייוול, מוז מען ענדלעך בייביידן פאַרשפּילן; ווען מ'דינט צוויי געטער, מוז מען ענדלעך ביי ביידן דורכפאַלן.

ס'קען ניט זיין קיין אינהאַלט אָן פאָרם. בלויז גאָט איז דער איינציקער אינהאַלט, וואָס האָט ניט קיין פאָרם.

אַ סך מענטשן גלויבן אין גאָט, ווייל זיי האָבן מורא ניט צו גלויבן אין גאָט.

מ'קען פאַרטרייבן גאָט פון אַלע הימלען; מ'קען אָבער אים ניט אויסרייסן פון מענטשנס האַרץ.

ניט יעדער, וואָס האָט גאָט אין הימל, האָט אים אין האַרצן; ניט יעדער, וואָס האָט גאָט אין האַרצן האָט אים אין קאָפּ.

ווער עס דינט גאָט פאַר מורא, דער דינט אים ניט מיט ליבע.

די וויסנשאַפט איז דער מעדיום צווישן מענטש און נאַטור, די רעליגיע איז דער מעדיום צווישן מענטש און גאָט.

אַ גאַנצער מענטש איז טייערער ווי אַ האַלבער גאָט.

אַ פאַלשער גאָט איז ערגער ווי אַן אמתער טייוול.

גאָט איז העכער פון דעם הימל און דער הימל — פון דעם שכל.

אַ גאָט פאַרגעטערט זיך ניט; אַ גאָט האָט ניט וועמען צו פאַר־געטערן.

ניט פאַר גאָט און טייוול האָב איך מורא, נאָר — פאַר זיך אַליין.

אויב ס'איז דאָ אַ גאָט און אַ טייוול, איז דער מענטש פון זיי ביידן געשאַפן.

אַ פֿאַלשער גאָט איז ניט קיין נייער גאָט.

זאָל גאָט זיך רעכענען מיט דער מחשבה. מיר מענטשן דאַרפֿן זיך רעכענען מיט דער פּעולה.

ווער עס גלויבט אין גאָט, דער האָט צוטרוי צו גאָט.

גאָט איז גערעכט אַפּילו ווען ער איז אומגערעכט.

סיי דער שלעכטער און סיי דער גוטער נויטיקט זיך אין מורא פֿאַר גאָט; דער שלעכטער — ער זאָל מורא האָבן צו טאָן שלעכטס און דער גוטער — ער זאָל מורא האָבן צו ווערן שלעכט.

היט זיך מער פֿאַר דעם, וואָס האַלט דיך פֿאַר אַ גאָט, ווי פֿאַר דעם, וואָס האַלט דיך פֿאַר אַ טייוול.

אַפּילו דער גלויביקער, וואָס טראַכט אַלץ וועגן גאָט, האָט אויך אַלץ אין זינען — זיך.

ווער עס גלויבט ניט אין גאָט, פֿאַר דעם עקזיסטירט ניט גאָט.

פֿאַראַן מענטשן וואָס גלויבן ניט אין גאָט, אָבער גלויבן אין אוממעגלעכע נאַרישקייטן.

מ׳קאָן זיין אַן ערלעכער מענטש און דאָך זיין פֿאַרפּירט צו דינען אַ פֿאַלשן גאָט.

קיינער האָט קיין רעכט ניט צו שטראָפֿן און באַשטראָפֿן אין נאָמען פֿון גאָט, ווייל קיינער קען ניט באַווייזן, אַז ער איז דער פֿאַרטרעטער פֿון גאָט.

יעדער מענטש מוז האָבן אַ גאָט וועמען צו פֿאַרגעטערן, וועמען צו דינען. האָט מען ניט קיין גאָט, דינט מען דעם טייוול.

גאָט איז אַ גלויביקער פֿאַקט, די נאַטור — אַ נאַטירלעכער פֿאַקט און דער מענטש — אַ לעבעדיקער פֿאַקט.

גוטע מענטשן דינען גאָט אויס ליבע; שלעכטע מענטשן — אויס מורא.

די אַמאָליקע הומאַניסטישע דענקער האָבן געזוכט בעסער צו מאַכן דעם מענטשן מיט דער מורא פֿאַר גאָט. היינט אַפּעלירן זיי צום נאָמען „מענטש״.

מ׳קען גלויבן אין שדים, און דאָך ניט גלויבן אין גאָט.

ווען אַ מענטש וואָלט אַפילו געקענט ווערן אַ גאָט, וואָלט ער אויך ניט געוואָלט לעבן ווי אַ גאָט.

אַ בעל־תפילה דאַוונט פאַר גאָט; אַ חזן זינגט פאַר דעם פובליקום.

אין מיטלאַלטער האָבן די מערדער, די באַרבאַרן, די הערשער געראַבעוועט און געשענדט אינעם נאָמען פון גאָט. היינט, ביי דער איצטיקער ציוויליזאַציע טוען זיי עס אינעם נאָמען פון פאַשיזם און נאַציזם.

ווער עס קעמפט פאַרן וווילזיין פון דער מענטשהייט, דער דינט צו גאָט; ווער עס שלאָגט זיך אָבער פאַר גאָט, דער דינט דעם טייוול.

ווען גאָט אַליין וואָלט געמוזט אָפּהיטן אַלע זיינע געבאָטן, וואָלט ער אַליין ניט געקענט זיך אויסהיטן פון גיהנום.

מ׳קען ניט זיין באמת פרום צו גאָט און דערביי ניט באמת זיין גוט צו מענטשן.

גאָט איז ניט צו זוכן. אָדער ער איז אומעטום, אָדער — אין ערגעץ ניט.

אַ נאַר היט גאָט; אַ קלוגער — זיך.

ווילדע מענטשן גלויבן אין ווילדע געטער וואָס באַרעכטיקן זייערע ווילדקייטן אַלס געטלעכע טאָטן.

דער וואָס נעמט זיך אָן גאָטס קריוודע, באַווייזט מיט דעם, אַז ער אַליין גלויבט אויך ניט אין דער מאַכט פון גאָט.

אַזוי ווי עס קען ניט זיין קיין זונשטראַל אָן אַ זון, אַזוי קען ניט זיין קיין געטלעכקייט אָן אַ גאָט.

איינער בעט ביי גאָט אַ שטיקל ברויט; אַ צווייטער — פּאַלאַצן.

די וואָס דינען גאָט פאַר מורא, דינען ניט דער מענטשהייט מיט ליבע.

ניט יעדער, וואָס האָט גאָט אין הימל, האָט אים אין האַרצן.

ניט דערפאַר ליידט די מענטשהייט, ווייל זי האָט קיין גאָט ניט, נאָר דערפאַר, ווייל זי האָט צופיל געטער.

גרויסע מענטשן דינען צו אידעאַלע געטער; ווילדע מענטשן — צו ווילדע געטער און קראַנקע — צו קראַנקע געטער.

האָט מען גאָט אין האַרצן, האָט מען אים אומעטום. האָט מען אים נאָר אין הימל, האָט מען אים אין ערגעץ ניט.

מען קען פאַרטרייבן גאָט פון אַלע הימלען, מען קען אים אָבער ניט פאַרטרייבן פון דער מענטשלעכער שפּראַך.

איינער האָט גאָט אין הימל, אַ צווייטער — אין האַרצן און אַ דריטער — אין בוזעם־קעשענע.

אויב גאָט קען ניט זעלבסטמאָרד באַגיין, איז ער דאָך גאָר הילפלאָזער ווי דער מענטש. קען ער עס יאָ, איז ער דאָך אַזוי שטערבלעך ווי דער מענטש.

דינענדיק דער מענטשהייט, דינען מיר אויך גאָט, אָבער דינענדיק גאָט, מיינט נאָך ניט, אַז מיר דינען מיט דעם אויך דער מענטשהייט.

די וואָס טראַכטן נאָר וועגן גאָט האָבן קיין צייט זיך צו קימערן וועגן מענטשן.

ליבסטו מענטשן, ליבט דיך גאָט; ליבסטו נאָר זיך, וואָס דאַרף דיך גאָט?

גאָט איז דער שטאַרקסטער איינדרוק אויפן מענטשלעכן לעבן און דער העכסטער אויסדרוק פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע.

ווי דער מענטש איז, אַזאַ גאָט האָט ער.

פאַרגעטערונג איז צו צאַרט פאַר אַ מענטשלעכן גאָט, דאָס פּאַסט זיך נאָר — פאַר אַ געטין.

ווילדע מענטשן מאָרדן פאַר זייער גאָט; אידעאַלע מענטשן — לעבן פאַר אים.

ליבע צו גאָט איז פאַרבונדן מיט ליבע צו מענטשן; מורא פאַר גאָט איז פאַרבונדן מיט פיינטשאַפט צו מענטשן.

אַפילו די, וואָס גלויבן ניט אין גאָט, גלויבן, אַז עס וואָלט פיל בעסער געווען, ווען עס וואָלט יאָ געווען אַ גאָט.

יעדער מענטש האָט זיך זיין גאָט, וואָס לאַכט אויס דעם אַנדערנס גאָט, וואָס איז אַ קעגנער פון זיין גאָט.

קיין גאָט איז ניט גוט און טאָלעראַנט גענוג צו וועלן מאַכן אַן אַנדערן פאַר אַ גאָט.

שוין בעסער פאַרגעסן צו ווערן פון גאָט, ווי דערמאָנט צו ווערן פון טייוול.

אויב מיר קענען אין גאָט ניט גלויבן, קענען מיר דאָך ניט לייקענען, אַז אָפט זיינען גליקלעכער די יעניקע, וועלכע גלויבן יאָ אין גאָט.

אויך צו גאָט איז קיינער ניט ערלעך. אַפילו דער פרומסטער איז נאָר אויסן מיט זיין פרומקייט — טובות צו האָבן פון אים.

אַן אמתער גאָט נייטיקט זיך ניט אין מענטשלעכער הילף.

ווען איך וואָלט געגלויבט אין גאָט, וואָלט איך אים געבעטן, אַז איך זאָל ניט דאַרפן אָנקומען צו אים.

גאָט איז דאָ אין אַלע שפּראַכן, אָבער ניט אין אַלע הערצער.

יעדער מענטש האָט גאָט אין דער שפּראַך, אָבער ניט יעדער האָט אים אין האַרצן.

## גאָלד

גאָלד איז טאַקע שיין, מ׳קען אָבער זיך ניט אויספּוצן מיט גאָלד אַליין.

דאָס וואָס פילע בוקן זיך צום „עגל־הזהב" איז ניט דערפאַר, וואָס זיי האַלטן עס פאַר אַ גאָט, ווי נאָר דערפאַר, וואָס ביי זיי איז עס נאָך טייערער ווי אַ גאָט.

ווי דער מענטש האָט אָנגעהויבן דאָס גאָלד צו פאַרגעטערן, אַזוי באַלד האָט דאָס גאָלד אָנגעהויבן דאָס געטלעכע אינעם מענטשן צו פאַרשוועכן.

מ׳קען געבאָרן ווערן אין אַ גאָלדענער בעט און דאָך שטאַרבן אַ בעטלער.

אַ גאָלדענער שליסל פּאַסט צו אַלע שלעסער.

מיט גאָלד קען מען זיך שענער מאַכן און מיט גאָלד קען מען זיך מיאוסער מאַכן.

ווען דאָס גאָלד וואָלט געוווסט וויפל מענטשלעכע טרערן עס

מאַכט אומזיסט פאַרגיסן, וואָלט עס געוויס צופרידן געווען אין אייזן פאַרוואַנדלט צו ווערן.

ס׳איז ניט אַזוי טרויעריק, וואָס גאָלד פאַרגוואַלדיקט דעם אמת, ווי ס׳איז שענדלעך, ווען די פאַרגוואַלדיקונג ווערט נאָך אַפּלאָדירט.

גאָלד קען פלעקן באַדעקן, אָבער ניט אָפּמעקן.

דער מענטש לייטערט און פּאָלירט דאָס גאָלד און מאַכט עס פאַר אַ צירונג; דאָס גאָלד אָבער פאַרדאַרבט און מאַכט מיאוס דעם מענטשן.

ביטער איז דער קאַמף צווישן גאָלד און שכל, און טרויעריק איז דער שלום צווישן גאָלד און נאַרישקייט.

גאָלד איז שיין אַלס צירונג און מיאוס אַלס גאָט.

גאָלד באַזילבערט פריצייטיק די האָר.

גאָלד איז דער „קעניג” און גאָלד איז דער „פּרינץ”.

פּסולת פון גאָלד האָט מער ווערט ווי ריינע בליי.

## גאַסט

דער בעסטער גאַסט איז דער, וואָס קומט העלפן אויפצונעמען די געסט.

## גוטסקייט

נאַרישע גוטסקייט איז ערגער פון שלעכטסקייט.

כדי צו עפענען דעם פאַרשטאַנד פאַר גוטס, מוז מען צוערשט פאַרמאַכן דאָס האַרץ פאַר שלעכטס.

אַ למדן מיינט נאָך ניט אַ גוטער מענטש. אַן עם־הארץ מיינט נאָך ניט אַ שלעכטער מענטש.

צו טאָן גוטס, גיי אַפילו מיט דעם טייוול. צו טאָן שלעכטס, גיי אַפילו ניט מיט אַ מלאך.

אויב דער גוטער ווערט פאַר זיין גוטסקייט ניט אַלעמאָל באַצאָלט, ווערט ער אָבער פון זיין געוויסן אַלעמאָל באַלוינט.

עס איז קיינמאָל ניט צו פרי צו טאָן גוטס און עס איז קיינמאָל ניט צו שפּעט צו טאָן שלעכטס.

דער וואָס טוט גוטס דאַרף זיך מיט דעם ניט לויבן, אָבער — אויך מיט דעם זיך ניט שעמען.

איינער טוט גוטס כדי דעם אַנדערן צו העלפן; אַ צווייטער — כדי צו קריגן אַ גוטן נאָמען.

די פילאָזאָפיע פון דעם גוטן איז, אַז מ׳טאָר ניט זיין צו שלעכט; די פילאָזאָפיע פון דעם שלעכטן — אַז מ׳טאָר ניט זיין צו גוט.

גוטסקייט אָן שכל איז ווי אַ גוטע שיף אָן אַ קאַפּיטאַן.

צו טאָן גוטס דאַרף מען זיך ניט באַהאַלטן.

אַלץ וואָס פאַר אונדז איז אינטערעסאַנט, איז שיין; אַלץ וואָס פאַר אונדז איז נוצלעך — איז גוט.

ווער עס מיינט גוט און טוט גוט, דער פאַרצאַמט זיך ניט פון מענטשן און באַהאַלט זיך ניט פון דער וועלט.

ווען די גאַנצע וועלט וואָלט געווען גוט, וואָלט ניט געווען פאַרוואָס גוטסקייט צו לויבן.

וואָס מ׳קאָן אויספירן מיט גוטן, איז נאַריש צו גיין מיט בייזן.

אמת, אַמאָל קומט אַרויס אַ טובה פון אַ רעה, דאָך קען מען גוטס אויף שלעכטס ניט בויען.

גוטסקייט אָן שכל איז אָפּט ערגער, ווי שלעכטסקייט מיט שכל.

## גיהנום

איבערגוואַלד צו זיין אין גן־עדן איז — אויך אַ גיהנום.

עס איז לייכטער אַריינצוקומען אין גיהנום ווי אין גן־עדן.

פון גיהנום טרייבט מען ניט אַרויס.

## גייסט

פאַר גייסטיקע אַרבעט דאַרף מען ניט זיין פיזיש שטאַרק, נאָר פיזיש אויסגערוט.

ווער עס לעבט אין דער גייסטיקער וועלט, דער איז קיינמאָל ניט צו זאַט.

ווער עס איז גייסטיק אָרעם, ווייסן מיר פאַרוואָס ער שווייגט.

וואָס ווייניקער מיר ווייסן פון די גייסטיקע אוצרות, אַלץ ווײ־

ניקער פילן מיר אונדזער גייסטיקע אָרעמקייט.

מענטשן שעמען זיך מיט קערפּערלעכער נאַקעטקייט, אָבער ניט מיט גייסטיקער נאַקעטקייט.

קערפּערלעך זיינען מיר פאַראינטערעסירט אין עולם־הזה; גייסטיק — אין עולם־הבא.

גייסטיקע מענטשן זיינען גייסטיק ניט געזעטיקט.

## גלויבן

ווען מען גלויבט ניט, צו דעם האָט מען קיין טענות ניט.

גלויבן איז זיכערקייט אָן איבערצייגונג; אומגלויבן איז אומזיכערקייט אָן איבערצייגונג.

גלויבן טראַכט ניט פון איבערצייגונג; איבערצייגונג נייטיקט זיך ניט אין גלויבן.

מאַנכע גלויבן ווי זיי פאַרשטייען און מאַנכע פאַרשטייען ווי זיי גלויבן.

אַ קלוגער גלויבט ווי ער פאַרשטייט; אַ נאַר גלויבט וואָס מען זאָגט אים.

אַ קלוגער גלויבט ווי ער פאַרשטייט; אַ נאַר פאַרשטייט ווי ער גלויבט.

האָפענונג לעבט מיט גלויבן; גלויבן — מיט צוטרוי.

גלויבן איז די נשמה פון האָפענונג; זיכערקייט — פון מוט.

גלויבן איז דער צוטרוי פון אומוויסנהייט אָדער פון נאַרישקייט.

גלויבן פאַרטרעט וויסן; וויסן — זיך אַליין.

גלויבן איז אַן אויסדרוק פון זיכערקייט; צווייפל — פון אומזיכערקייט.

אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט גלויבן און אידעאַליזם האָט אין זיך אַטעם פון פאַנאַטיזם.

גלויבן און צווייפל, צופרידנקייט און אומצופרידנקייט האַלטן געשפּאַנט אונדזער פילן און דענקען, אונדזער זוכן און שטרעבן.

וויסן פאַרטרייבט גלויבן; איבערצייגונג — צווייפל.

עס איז לייכטער צו גלויבן ווי צו צווייפלען; צו באַפעלן, ווי צו דערקלערן.

עס איז לייכטער צו גלויבן ווי זיך צו איבערצייגן.

די איבערצייגונג פון „גלויבן" איז גלויבן.

מיר מוזן האָבן אין וואָס צו גלויבן כדי צו האָבן פאַרוואָס צו קעמפן; מיר מוזן האָבן וואָס צו ליבן כדי צו האָבן פאַרוואָס זיך מקריב צו זיין. מיר מוזן האָבן וואָס צו אַכטן און ליבן, כדי צו האָבן פאַרוואָס צו לעבן.

דער גלויביקער איז בלינד אין זיין אומוויסנהייט; דער אומ־גלויביקער איז פאַרזיכטיק אין זיין אומוויסנהייט.

גלויבן קאָן אַפילו אַ שטיק האָלץ פאַרגעטערן; פאַנאַטיזם קאָן פאַר דעם גיין אַפילו אין פייער.

בלינדער גלויבן איז בלינדע זיכערקייט; בלינדע פאַרערונג איז אומוויסנדע זיכערקייט.

ווען וויסנשאַפט קעמפט מיט גלויבן, בין איך מיט דער וויסנ־שאַפט. ווען הפקירות, געמיינהייט קעמפט מיט גלויבן, בין איך מיט דעם גלויבן.

גלויבן און האָפענונג העלפן אַ סך צו דערגרייכן, אַליין אָבער קענען זיי גאָרנישט אויפטאָן.

ווו ס'רעדט געפיל, שווייגט פאַרשטאַנד; ווו ס'רעדט גלויבן, שווייגט וויסן.

וואָס שוואַכער ס'איז דער וויסן, אַלץ שטאַרקער איז דער גלויבן.

די וויסנשאַפט איז באַגרענעצט, ווייל זי מוז איר „וויסן" באַ־ווייזן מיט פאַקטן; די פילאָזאָפיע איז באַגרענעצט ווייל זי מוז אירע „דערקלערונגען" באַווייזן מיט לאָגיק. בלויז די רעליגיע איז אומ־באַגרענעצט, ווייל אַלץ פאַרענטפערט זי מיט גלויבן.

גלויבן איז זיכער און זוכט ניט קיין ראיות און פרעגט ניט קיין עצות.

מענטשן זיינען שוין צו קלוג צו זיין געבונדן פון גלויבן, אָבער נאָך צו ווילד צו זיין באַפרייט פון גלויבן.

די וויסנשאַפט קעמפט קעגן דער בלינדקייט פון גלויבן, אָבער ניט קעגן דער עטיק פון רעליגיע.

דער גלויבן איז ווי אַן אַלט הויז: טשעפעט מען עס ניט, קען עס שטיין און שטיין. קוים נעמט מען עס פאַרריכטן, ברעכט עס זיך איין.

ווו עס איז ניטאָ קיין גלויבן, דאָ איז ניטאָ קיין האָפן.

ווער עס גלויבט ניט אין גאָט, דער קען אויף אים ניט האָפן.

עס איז גוט צו האָפן, ווען מען גלויבט; עס איז אָבער שלעכט צו גלויבן אויס פאַרצווייפלונג.

ווילסטו ניט וויסן, גלויב; ווילסטו ניט גלויבן, ווייס.

גלויבן בלאָנדזשעט אומגעשטערט פון צווייפל.

ס'איז לייכטער צו גלויבן ווי צו צווייפלען, ווייל גלויבן גייט מיט זיכערקייט און צווייפל — מיט אומזיכערקייט.

גלויבן אָטעמט מיט צוטרוי; האָפענונג — מיט גלויבן.

וואָס אַ מענטש האַלט פאַר הייליק, דאָס פאַרגעטערט ער; און וואָס אַ מענטש גלויבט, דאָס עקזיסטירט פאַר אים.

די זעלבע דאָקומענטן, וואָס דער גלויביקער האָט פאַר יאָ צו גלויבן, האָט זיי אויך דער ניט־גלויביקער פאַר ניט צו גלויבן.

גלויבן און צווייפל הויבן זיך אָן דאָרט, ווו עס ענדיקט זיך אונ־דזער שכל און וויסן.

מיר מוזן צוערשט גלויבן אין אַ סך זאַכן, כדי שפּעטער צו וויסן אין וואָס ניט צו גלויבן.

אָן גלויבן איז ניטאָ קיין מוט; אָן צוטרוי — קיין דערפאָלג.

גלויבן מיינט דאָס זעלבע ווי ניט וויסן.

## גליק

די בהמה איז ניט גליקלעך, ווייל זי האָט קיין באַגריף ניט וועגן גליק; דער מענטש איז ניט גליקלעך, ווייל ער איז ניט צופרידן מיט זיין גליק.

ווילסטו שאַפן גליק פאַר זיך, מוזסטו העלפן עס שאַפן פאַר דער וועלט.

מיר קענען וויסן ווער עס איז רייך און ווער עס איז אָרעם; מיר קענען אָבער ניט וויסן ווער עס איז גליקלעך און ווער עס איז אומגליקלעך.

אויב מיר פילן זיך ווען גליקלעך, איז נאָר דאַן, ווען מיר זוכן עס פאַר דעם אַנדערן, אָדער ווען מיר האָבן מיט וועמען עס צו טיילן.

דאָס מענטשלעכע גליק איז דער פּראָצעס פון האָפן אויף גליק.

גליק איז דאָס מיט וואָס מען פילט זיך צופרידן. אויב אַ מענטש איז צופרידן ווי אַ בהמה, איז ער גליקלעך ווי אַ בהמה.

פאַר דאָס ביסל פאַלש גליק פון דער אַזוי־גערופענער שטערב־לעכער אומשטערבלעכקייט צאָלן מיר גערן מיט וואָס מיר פאַר־מאָגן, אַפילו מיט דעם גאַנצן לעבן.

דאָס גליק קוקט ניט ווער עס יאָגט זיך נאָך אים; דאָס אומ־גליק — ווער עס לויפט פון אים.

עס איז לייכט גליק צו ווינטשן; עס איז אָבער שווער גליק צו שאַפן.

עס איז לייכטער הונדערט מענטשן אומגליקלעך צו מאַכן, ווי איינעם גליקלעך צו מאַכן.

ווער עס קען פון אומגליק ניט לערנען, דער קען גליקלעך קיינ־מאָל ניט זיין.

ס'איז ניטאָ קיין גליק אָן צופרידנקייט און ס'איז ניטאָ קיין אומגליק אָן אומצופרידנקייט.

ניט יעדער וואָס איז רייך איז גליקלעך, אָבער יעדער וואָס איז גליקלעך, איז רייך.

גליק ליגט אין אַרבעט און אַרבעט — אין גליק.

דאָס גליק פונעם אומגליקלעכן איז דאָס, וואָס מאַכט אים פאַר־געסן אָן זיין אומגליקלעכקייט.

דאָס ביסל גליקלעכקייט פון גליק איז ווען מיר פילן זיך גליק־לעך.

שווער צו זאָגן וואָס גליק איז; דאָס בעסטע איז צו זאָגן: גליק איז באַפרידיקונג און צופרידנקייט.

עס איז לייכטער צו ווינטשן גליק מיטן מויל ווי — מיטן האַרץ.

## גנב

עס איז לייכטער זיך אָפּצוהאַלטן דאָס ערשטע מאָל פון גנבע־נען אַ דאָלאַר, ווי דאָס צווייטע מאָל — אַ פּעני.

ווען מען געפינט אין איינעמס הויז אַ געגנבעט בענקל, איז נאָך ניט געזאָגט, אַז די גאַנצע ווירטשאַפט איז ניט זיינע.

ווען די וועלט האַלט איינעם פאַר אַ גנב, גלויב ניט זיין אומ־שולדיק פּנים.

ווער עס איז פעיִק צו מאַכן אַ לעבן פון גנבה, דער האָט אויך די פעיִקייט צו קענען מאַכן אַן ערלעך לעבן.

ווער עס איז געוווינט צו גנבענען, דער גנבעט אַפילו דאָס, וואָס ער האָט גאָרניט נייטיק.

פאַראַן גנבים וואָס קענען באַרויבן דעם בעסטן פריינד און נאָכ־דעם — אים בלייבן אַ פריינד.

איינער גנבעט, ווייל עס פעלט אים ברויט; אַ צווייטער — ווייל עס פעלט אים ערלעכקייט.

דער ערגסטער גנב איז ניט דער, וואָס גנבעט זיך צו אייער קע־שענע, נאָר דער, וואָס גנבעט זיך צו אייער נשמה.

אויך צווישן גנבים איז צו געפינען אַזעלכע, וואָס האָבן געוויסן. עס זיינען אָבער דאָ אויך אַזעלכע נידערטרעכטיקע גנבים, וואָס ווען איר שענקט זיי אַוועק אייער האַרץ, זוכן זיי נאָך זיך אַריינצו־גנבענען אין אייער נשמה.

אַ גנב איז אַ גנב. אָבער אַזאַ גנב וואָס באַגנבעט אַזעלכן, וואָס האָט אים דעם גאַנצן צוטרוי געשאָנקען — שטייט שוין בעענטער צום מערדער.

עס איז צום באַדויערן דעם גנב, וואָס ווערט צום גנבענען גע־טריבן פון אַ קראַנקייט און עס איז רחמנות צו האָבן אויף דעם גנב, וואָס ווערט צו דעם געטריבן פון הונגער.

פאַר אַ גנב איז ניט שווער ליגן צו זאָגן.

ביי אַ שרפה ליגט ניט אין זינען זיך צו היטן פון גנבים.

ווי זיך אויסצוהיטן פון אַ גנב, זאָל מען פרעגן אַ גנב.

ווען גנבים צעקריגן זיך, ווערן זיי שומרים.

פון אַ גנב דאַרף מען זיך היטן, פון אַ נאַר — אָפּרוקן און פון אַ מערדער מוז מען שוין אַנטלויפן.

דער ערלעכער היט זיך פונעם גנב ער זאָל אים ניט באַגנבע־נען; דער גנב היט זיך פונעם ערלעכן, ער זאָל אים ניט כאַפּן.

פאַר אַ גנב קאָן זיך אַפילו אַ גנב ניט אויסהיטן.

טירן ווערן פאַרשלאָסן פאַר גנבים און פון גנבים.

אַן אָרעמאַן שרעקט זיך ניט פאַר קיין גנבים.

פאַראַן נאַראָנים וואָס נאַרן זיך אַליין און פאַראַן גנבים, וואָס גנבענען פון זיך אַליין.

אַ גנב גיט אָן ווי אַ רעפּערענץ — אַ צווייטן גנב.

אַ גנב איז אַ שרעקעוודיקער רויבער.

בעסער צו גיין איבער די הייזער ווי צו באַגנבענען הייזער.

# גן עדן

וואָס איז אַזוי דער טאַראַראַם מיטן גן־עדן? וואָס פאַר אַ פרייד קען שוין דאָרט זיין ווו ס'איז צו טרעפן דאָס אייגענע ווייב?

דווקא אין גן־עדן איז דער מענטש פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט.

יעדער ווייסט, אַז ס'איז גוט צו זיין אין גן־עדן, אָבער ניט יע־דער ווייסט, ווי צו קומען אין גן־עדן.

עס איז לייכט פון גן־עדן אַרויסגעטריבן צו ווערן; עס איז אָבער שווער — אין אים אַריינצוקומען.

מען קען ניט קומען אין גן־עדן אָן דורכצוגיין — דעם גיהנום.

ווען מען זאָל איינעם פאַרמשפּטן צו זיצן אין גן־עדן, וועט ער זיך דאָרט פילן ווי אין אַ טורמע און בענקען נאָך פרייהייט.

טראַכטן מיר וועגן דעם גן־עדן, דערמאָנט זיך אונדז די פרוי; טראַכטן מיר וועגן דער פרוי, פאַרגעסן מיר שוין דעם גן־עדן.

וואָס שרעקט מען אונדז אַזוי שטאַרק מיטן גיהנום? דאַכט זיך די גרעסטע מענטשלעכע טראַגעדיע האָט זיך גאָר אָפּגעשפּילט אין גן־עדן.

ווער ס׳פּייניקט זיך אָפּצוקומען אויף דער וועלט צוליבן גן־עדן, פאַרדינט ערלעך דעם גיהנום.

אַ קלוגער קען מאַכן פון אַ גיהנום אַ גן־עדן; אַ נאַר פון אַ גן־עדן אַ גיהנום.

ווער עס וויל האָבן דעם גן־עדן, דער מוז אים אַליין פאַרדינען.

אין גן־עדן פירט מען; אין גיהנום טרייבט מען.

אויב עס איז באַשערט אַן אומגליק, קען עס טרעפן אַפילו אין גן־עדן.

דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן אָדמען אין גן־עדן, צוליב חוהן, שרעקט ביט אָפּ דעם מאַן צו זוכן דעם גן־עדן אין דער פרוי.

דער גן־עדן זאָגט צו; דער גיהנום — וואָרנט.

אַ גרוב איז ניט קיין שטוב; אַ פּאַלאַץ איז ניט קיין גן־עדן.

טרעטנדיק איבער דעם אַנדערן קאָן מען נאָר קומען אין גיהנום, אָבער ניט אין **גן־עדן.**

# געדאַנק

די הויכקייט פון אַ געדאַנק ליגט אין זיין טיפקייט; זיין גרויסקייט — אין זיין אמתדיקייט; זיין שאַרפקייט — אין זיין קורצקייט און זיין גוטסקייט — אין זיין קלאָרקייט.

קענען פאַרשטיין אויסגעדריקטע געדאַנקען, מיינט נאָך ניט קענען לייענען באַהאַלטענע געדאַנקען.

אַן לופט קען ניט אַרויסקומען קיין קלאַנג; אָן פאַרשטאַנד — קיין געדאַנק.

געדאַנקען און געפילן קען מען ניט מעסטן און ניט וועגן.

ביי וועמען דער קאָפּ איז פוסט פון געדאַנק, ביי דעם איז דאָס האַרץ אַ מדבר.

אַ שוואַכער געדאַנק אויסגעדריקט אין אַ שיינער פאָרם, איז ווי אַ נאַר אויסגעפּוצט אין שיינע קליידער.

קליינע געדאַנקען ווערן פון גרויסע בוכשטאַבן ניט גרעסער.
אַ גוטער געדאַנק איז אַ גייסטיקער געטראַנק.
אַ שלעכטער רעדנער קען דערהרגענען די בעסטע געדאַנקען.

## געדולד

פלייס און געדולד פירן מיטלמעסיקייט צו פעיקייט, טאַלאַנט — צו געניאַליטעט.

געדולד ווערט גענערט פון גלויבן, האָפענונג — פון זיכערקייט און דערפאָלג — פון מוט.

געדולד איז דער בעסטער טייל פון פאַרזיכטיקייט, פאַרזיכטיקייט — פון האָפענונג.

ווער עס האָט מער געדולד צו וואַרטן, איז נענטער צום ציל ווי דער, וואָס האָט מער כוח צו דערטראָגן.

געדולד פירט צו זיכערקייט, אומגעדולד — צו אומזיכערקייט.

לאַנגווייליק איז דעם וואָס קען ניט דענקען און אומרואיק איז דער וואָס האָט קיין געדולד ניט.

גרויסע זאַכן אָנצוהייבן איז נייטיק מוט, דורכצופירן — געדולד.

געדולד איז די אויסדויער־קראַפט פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וואָס איז צעמענטירט מיט ווילן און עקשנות.

האָפענונג איז די נשמה פון געדולד; געדולד איז די זיכערקייט פון האָפענונג.

## געוווינהייט

יעדער מענטש האָט שלעכטע נייגונגען, שלעכטע געוווינהייטן. גרויסע מענטשן זוכן פון זיי זיך צו באַפרייען, קליינע מענטשן זיינען פאַרעקשנט, פאַרליבט זיך צו האַלטן מיט זיי.

מעכאַנישקייט דענקט ניט, געוווינהייט פילט ניט.

די געוווינהייט זעט ניט אַזוי גוט ווי די אומגעוווינהייט, אָבער אויך די אומגעוווינהייט זעט ניט אַזוי גוט ווי די געוווינהייט.

וואָס עלטער עס ווערט די געוווינהייט, אַלץ שטאַרקער ווערט זי.

## געוויסן

כדי אין גאַנצן קיין געוויסן ניט צו האָבן, מוז מען אין גאַנצן קיין מענטש ניט זיין.

מ׳קאָן מיט בלוט דאָס געוויסן באַפלעקן, אָבער ניט — אָפּוואַשן.

אַ שלעכט געוויסן געפינט זיך קיינמאָל ניט שולדיק. אַן אומערלעך געוויסן באַשולדיקט אין אַלץ דעם אַנדערן.

ווער עס האָט ניט קיין געוויסן, דער האָט ניט קיין געוויסנסביסן.

## געזאַנג

געזאַנג און קלאַנג זיינען אויסדרוקן פון אונדזערע ליידן און פריידן און לעבן נאָענט צוזאַמען מיט אונדזערע געפילן און געדאַנקען.

מוזיק, געזאַנג זיינען די שפּראַך פון געפיל און געדאַנק, וואָס זיינען צו טיף און צו צאַרט אויסגעדריקט צו ווערן מיט ווערטער.

קיין טייל פון דער קונסט האָט ניט אַזאַ היפּנאָטישן איינפלוס ווי די מוזיק; אַז זי ווירקט אַפילו אויף חיות באַווייזט וואָס זי מאַכט ווייך, סענטימענטאַל אַפילו דאָס חיהשע אינעם מענטשן.

ווו ס׳איז פאַראַן קלאַנג, דאָרט איז פאַראַן געזאַנג. ווו ס׳איז פאַראַן ליבע, דאָרט איז פאַראַן לעבן.

פולע טענער לאָזן זיך אויסשפּילן דווקא דורך פּוסטע אינסטרומענטן.

מוזיק גייט נאָענט צוזאַמען מיט געזאַנג, ווי מימיק מיט שפּראַך.

דער ווייכער, לירישער טאָן איז די מוזיק פון ליבע, טרייסט און פרידן; דער האַרטער, שרייענדיקער טאָן איז די מוזיק פון אויפברויז, קאַמף און נצחון.

ווי מוזיק און געזאַנג קענען באַרירן, דאָרט קענען ניט באַ־רירן קיין ווערטער.

האָבן אַ שטימע צו זינגען מיינט נאָך ניט קענען זינגען.

## געזונט

ווי די פאַרדייאונג פון מאָגן, אַזוי איז די רו פון שלאָף; ווי די רו פון שלאָף, אַזוי איז דער צושטאַנד פון געזונט.

סיי דער געזונטער און סיי דער קראַנקער דאַרף היטן דאָס גע־זונט; דער געזונטער — ער זאָל ניט קראַנק ווערן און דער קראַנ־קער — ער זאָל געזונט ווערן.

געזונט איז דאָס טייערסטע פון לעבן. די מענטשלעכע ליידנ־שאַפטן זיינען אָבער אַזוי שטאַרק, אַז זיי פאַרקוקן דאָס געזונט, ווי עס וואָלט קיין ווערט ניט געהאַט.

אַ געזונטער וואָס רעדט זיך איין, אַז ער איז קראַנק, איז אַזוי שלעכט, ווי אַ קראַנקער וואָס גלויבט אַז ער איז געזונט.

ווען מען איז יונג, טראַכט מען ניט פון אַלטקייט; ווען מען איז געזונט, טראַכט מען ניט פון קראַנקייט.

ריינקייט איז אַ טייל פון שיינקייט און אַ טייל פון געזונט.

צוערשט קומט געזונט, נאָכדעם — לעבן.

געזונט און שלום־בית ליגן אין אַ געשמאַק טעפל און אין אַ ריין הויז.

ווער עס היט ניט דאָס געזונט, דער פאַרדינט זיין קרענק.

צו מזל דאַרף מען האָבן שכל און צו שכל — געזונט.

ערשט ווען מען ווערט קראַנק הייבט מען אָן היטן דאָס גע־זונט.

זיין געזונט הייסט היטן דאָס געזונט.

געזונט איז פריער פון פאַרגעניגן; וויסנשאַפט — פון קונסט.

## געזעלשאַפט

אַ פּאָר בלומען הייסט נאָך ניט קיין בוקעט; אַ פּאָר מענטשן הייסט נאָך ניט קיין געזעלשאַפט.

געזעלשאַפט גיט אונדז פיל דערפאַרונג, איינזאַמקייט גיט אונדז די מעגלעכקייט די דערפאַרונג צו שטודירן.

די וואָס זוכן ביי דער געזעלשאַפט געפעלן צו ווערן, זיינען ביי דער געזעלשאַפט ניט באַליבט.

די מענטשלעכע באַדערפענישן פאַרפליכטן אונדז צו לעבן געזעלשאַפטלעך. איז אָבער די צרה וואָס די פּאַראַזיטן טוען נאָר נעמען און גאָרניט געבן.

יעדער האָט געזעלשאַפטלעכע פליכטן צו דערפילן. דער פוילער זאָגט זיך אָפּ פון דעם; דער לומפּ — וואַרפט עס אָן אויף דעם אַנדערן, און דער היפּאָקריט — באַפרייט זיך פון דעם מיט פאַלשע תירוצים.

דער עלנדסטער איז דער, וואָס קען מיט דעם אַנדערן ניט פאַר־ברענגען, און דער אומגליקלעכסטער איז דער, וואָס קען מיט זיך ניט פאַרברענגען.

לעבן מיר אַליין, זיינען מיר אַרומגערינגלט מיט איינזאַמקייט; לעבן מיר געזעלשאַפטלעך, זיינען מיר אַרומגערינגלט מיט קאָנ־פליקטן.

אַז מ'האָט ניט קיין פאַרבינדונג מיט מענטשן איז מען עלנט אַפילו אין דער גרעסטער געזעלשאַפט.

## געזעצן

געזעצן, געבאָטן האָבן אַ ציל, אַ זין. טראַדיציעס, מנהגים זיי־נען מערסטנס ציללאָז און זינלאָז.

ביי וואָס עס זיינען נישטאָ קיין פעסטגעזעצטע געזעצן, דאָ קע־נען ניט זיין קיין זיכערע מיינונגען.

געזעצן און געבאָטן זיינען צוזאַמען פון עטיק און מאָראַל, אָבער ניט קיין קייטן.

געזעצן זיינען נאָר דאַן גוט, ווען זיי ווערן ניט אַרויפגעטאָן אויף אומגעזעצלעכקייט.

געזעץ דיקטירט — נויט צווינגט.

נויט ווייסט ניט פון געזעץ.

יושר איז דאָס האַרץ פון געזעץ. געזעץ איז די מאָס פון יושר.

ס'איז לייכטער געזעצן צו מאַכן ווי זיי דורכצופירן.

פאַרברעכן שפּרינגט אַריבער געזעץ, דעספּאָטיזם וויל ניט וויסן פון געזעץ.

געזעצן זיינען די גרענעצן פונעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן איבער וועלכע די שטאַרקערע שפּרינגען אַריבער און בלייבן אומבאַשטראָפט.

ס'איז ניטאָ קיין בעסערע רעגירונג ווו דאָס פאָלק האָט דאָס רעכט איבער דעם געזעץ און דאָס געזעץ האָט די מאַכט איבער דעם אומרעכט.

דאָס געזעץ איז אַ צוים פאַר גוטע מענטשן וואָס שלעכטע מענטשן שפּרינגען איבער זיי אַריבער ווען זיי ווילן.

קעגן די געזעצן פון דער נאַטור זיינען אַלע טעאָריעס פלאַפּלעריי.

געזעצן זיינען געזעלשאַפטלעכע פליכטן. פליכטן זיינען מאָראַלישע געזעצן.

## געטלעך

געטלעכקייט שטראָפט ניט און פייניקט ניט. געטלעכקייט טרייסט און גיט האָפענונג.

ניט נאָך געטלעכער הייליקייט שטרעבט דער מענטש, נאָר נאָך געטלעכער מאַכט.

קענען פאַרגעטערן אָדער פילן פאַרגעטערונג קען נאָר דער וואָס איז אַליין געטלעך.

דינסטו דער מענטשהייט ביסטו געטלעך. דינסטו בלויז גאָט, ביסטו אַפילו ניט מענטשלעך.

מיר זוכן געטלעכקייט כדי אָנצוהאַלטן אונדזער מענטשלעכקייט.

ליבע צו גאָט אויס מורא פאַר גאָט איז פאַר געטלעכקייט ניט קיין געווינס.

מענטשלעכקייט איז פאַר אונדז, מענטשן, וויכטיקער ווי געט־לעכקייט.

מיר, מענטשן, זוכן און פאָדערן געטלעכקייט, ווי מיר וואָלטן גאָרניט וויסן, אַז ס׳פעלט אונדז דאָס נייטיקסטע — מענטשלעכקייט.

געטלעכקייט — לאָזט עס איבער צו גאָט; מיר נייטיקן זיך נאָר אין מענטשלעכקייט.

## געטער

ווען יעדער וואָלט געקענט פועלן ביי גאָט וואָס ער וויל, וואָלט גאָט געמוזט חרוב מאַכן די וועלט טויזנט מאָל א טאָג.

וויפל אומשולדיק בלוט די פאַלשע געטער האָבן שוין פאַרגאָסן. אַפילו אמתע טייוולאָנים וואָלטן אַזויפיל האַרץ ניט געהאַט.

מיר, מענטשן, זייען פאַרפליכטעט צו זאָרגן וועגן אונדזערע מיטמענטשן. וועגן גאָט זאָלן זיך זאָרגן זיינע מיטגעטער.

ס׳איז נאַריש דאָס זוכן טאָלעראַנץ צווישן מענטשן, אַז מיר געפינען עס ניט אַפילו ביי געטער.

געטלעכע מענטשן שלאָגן זיך ניט פאַר זייערע געטער און האָסן ניט די אַנדערע, וואָס גלויבן אין אַנדערע געטער.

כדי די וועלט צו באַפרייען מוז דער מענטש זיך באַנייען. נייע געטער וועלן איר גאָרניט העלפן.

אַזוי לאַנג ווי די מענטשהייט וועט לעבן ווי זי לעבט, וועלן קיין געטער איר ניט פעלן.

אַזוי לאַנג ווי מענטשן וועלן לעבן ווי חיות, וועלן קיין געטער זיי ניט קענען העלפן.

מענטשן קאָנען זיך דערדינען צו ווערן פאַרערט און באַוווּנ־דערט, אָבער ניט פאַרגעטערט.

קליין איז דער וואָס פאַרגעטערט דעם אַנדערן, אָבער נאָך קלע־נער איז דער וואָס פאַרגעטערט זיך אַליין.

מענטשן זוכן אַלץ נייע געטער, ניט דערפאַר וואָס זיי ווילן האָבן פון וועמען באַשיצט צו ווערן, נאָר דערפאַר, כדי צו האָבן וועמען צו דינען.

אידעאַלע מענטשן דינען צו אידעאַלע געטער. שלעכטע מענטשן — צו שלעכטע געטער; קראַנקע מענטשן — צו קראַנקע געטער און ווילדע מענטשן צו ווילדע געטער.

פילע מענטשן וואָלטן וועלן ווערן געטער, כדי צו קענען באַרעכטיקן זייערע זינד.

די מענטשהייט וואָלט ניט געווען אַזוי פײַנטלעך צעריסן ווען זי וואָלט ניט געהאַט אַזוי פיל געטער.

די מענטשהייט ליידט פון צופיל פאַלשע געטער און פון צו ווייניק אמתע מענטשן.

מענטשן בייטן זיך און צוזאַמען מיט זיי — אויך זייערע געטער.

שלעכט צו לעבן אָן אַ גאָט און נאַריש צו לעבן מיט אָפּגעטער.

קליין איז דער, וואָס פאַרגעטערט דעם אַנדערן, אָבער נאָך קלענער איז דער וואָס פאַרגעטערט זיך.

פאַרגעטערן מענטשן איז אָדער אַ שוואַכקייט אָדער עבודה־זרה.

צעבראָכענע געטער קען מען ניט גאַנץ מאַכן.

איין אמתער מענטש איז טייערער ווי אַלע פאַלשע געטער.

אויב ס'איז צו באַדויערן די מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין גאָט, איז נאָך מער צום באַדויערן די, וואָס האָבן צוויי געטער.

ווער ס'דינט צו צוויי געטער ווערט פון צוויי גיהנומס געברענט.

## געלט

פאַפירן געלט איז שטאַרקער פון אייזן.

פון אַ דאָלער קען מען מאַכן צוויי און פון אַ דאָלער קען מען מאַכן גאָרנישט.

אין שלעכטע צייטן איז אַ פעני אויך געלט.

געלט וואָס קומט אָן לייכט גייט אַוועק לייכט.

אומפאַרדינט געלט ציילט מען ניט פיל.

צו דערהערן דעם קלאַנג פון געלט דאַרף מען קיין אָטאָפאָן ניט האָבן.

געלט מאַכט געלט, אָבער מיט די הענט פון די אַרבעטער.

שווער מיט ערלעכקייט געלט צו דערווערבן, נאָך שווערער — צו וויסן ווי מיט דעם צו לעבן.

## געלעגנהייט

גוטע געלעגנהייטן ווען זיי קומען צו פרי זייגען אַזוי שלעכט, ווי ווען זיי קומען צו שפּעט.

## געפאַר

אַמאָל איז איינער מוטיק ניט דערפאַר, וואָס ער איז באמת א העלד, נאָר דערפאַר, וואָס ער באַגרייפט ניט די געפאַר.

אינסטינקטיוו ציטערן מיר פאַר געפאַר מיט דעם גאַנצן לעבן, דאָך זיינען מיר אָפט משוגע געוואָגט מיט דער גרעסטער געפאַר זיך צו שפּילן.

ביי געפאַר זיינען אָפט מינוטן טייערער פון יאָרן.

גראָד ביי געפאַר ווען מען דאַרף האָבן דעם קלאָרסטן שכל — ווערט דער שכל צעמישט.

געפאַר צו באַקעמפן דאַרף מען זיין אַ העלד; געפאַר אויסצו־מיידן דאַרף מען זיין אַ חכם.

געפאַר שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר אומבאַקוועמלעכקייטן און פליכט שטעלט זיך ניט אָפּ אפצווווישן טרערן.

מ׳איז מער אין געפאַר ווען מען פאַרשטייט ניט די געפאַר, ווי ווען מ׳האָט ניט קיין מורא פאַר געפאַר.

ביי געפאַר איז דער אינסטינקט וואַכזאַמער זיך צו אָריענטירן ווי דער שכל.

ניסים זיינען זעלטענע צופאַלן וואָס טרעפן זיך גינסטיק צוזאַ־מען מיט די גייטיקע מאָמענטן באַפרייט צו ווערן פון געפאַר.

אַמאָל מוז מען געפאַר איבערטרייבן, כדי גלייכגילטיקייט זאָל זי באַמערקן.

אַ שוואַכלינג פאַרלירט זיך ביי אַ געפאַר. אַ העלד געפינט זיך ביי אַ געפאַר.

אויך דער פאָרזיכטיקער איז ניט אויסגעהיט פון געפאַר. דער אומפאָרזיכטיקער אָבער איז שטענדיק אין געפאַר.

נאָענט איז די געפאַר ווען די רעטונג איז ווייט.

מיט געפאַר טאָר מען זיך ניט פאַרמעסטן און מיט זיכערקייט זאָל מען זיך ניט באַרימען.

מיט געפאַר און מיט געפילן טאָר מען זיך ניט שפּילן.

די געפאַר איז אַמגרעסטן ווען די הילף איז אַמקלענסטן.

ס'איז אַלעמאָל גרינגער געפאַר אויסצומיידן, ווי זי אַריבערצושפּרינגען.

ס'איז וויכטיקער צו האָבן אין זינען די קומענדיקע געפאַר, ווי צו דערציילן אַלטע ניסים.

ווען די געפאַר איז שוין פאַרביי, ערשט דאַן קומט אַרויס דער טרוס פון אונטערן בעט די געפאַר צו פאַרטרייבן.

ביי געפאַר זוכן מענטשן זיך צו פאַראייניקן. ביי זיכערקייט זאָרגט יעדער פאַר זיך אַליין.

ווען די געפאַר איז אַמנאָענטסטן דאַן איז דער מוט אַמשטאַרקסטן.

געפאַר וואַקסט אויף אומפאָרזיכטיקייט.

געפאַר טראָגט אַ באַלקן אזוי לייכט ווי אַ האָר.

ווען די געפאַר איז שוין פאַרביי, ערשט דאַן קומט אַרויס דער שוואַכלינג פון אונטערן בעט זיך באַרימענדיק, אַז ער האָט זיך גאַרניט געשראָקן.

## געפיל

געפיל איז דער קוואַל פון אינספּיראַציע; שכל —פון פאַרשטענדעניש.

געפיל איז רייך אין פאַנטאַזיע, אָבער אָרעם אין שכל.

געפיל זעט ניט אַזוי ווייט ווי שכל, דרינגט אָבער אַריין טיפער.

געפיל פילט טיפער, שכל פאַרשטייט בעסער און געדאַנק זעט העכער.

האָסטו געפיל, האָסטו לעבן. האָסט עס ניט — וואָס האָסטו פון לעבן?

געפיל האַלט זיך נעענטער צו פאַנטאַזיע, ווי צו שכל.

געפיל איז מער פאַרליבט אין פאָרם און בילדלעכקייט; שכל — מער אין אינהאַלט און רעאַליטעט.

געפיל פילט; שכל דענקט.

געפיל איז ניט אַזוי קלוג ווי שכל, אָבער — טיפער פון שכל.

געפיל איז פאַרבונדן מיט אַלע אונדזערע איינדרוקן און אויס־דרוקן, סיי ווען מיר ווערן באַווירקט אומבאַוווסטזיניק און סיי ווען מיר ווירקן באַוווסטזיניק.

געפיל איז די דערשפּירונג פון איינדרוק.

מיר קענען ניט זיין קיין בעלי־בתים איבער אונדזערע גע־פילן; מיר קענען אָבער זיין די בעלי־בתים איבער אונדזערע מעשים.

פאַרשטאַנד רעדט קליגער; געפיל — האַרציקער.

געדאַנקען בייטן זיך לייכטער נאָך די געפילן, ווי געפילן נאָך די געדאַנקען.

געפיל איז אַ געבאָרענע אייגנשאַפט, מיטגעפיל — אַן אויס־געבילדעטע אייגנשאַפט, און פאָרגעפיל — אַ טעלעפּאַטיש־נביאות־דיקע אייגנשאַפט.

געפילן קען מען מיט געוואַלט ניט איינפלאַנצן; אינסטינקטן קען מען מיט געוואַלט ניט אַרויסרייסן.

ווען דאָס האַרץ איז פּוסט פון געפיל, איז דער קאָפּ פּוסט פון געדאַנק.

אַ רעדנער ווירקט מער אויף אונדזער פאַרשטאַנד; אַ זינגער — מער אויף אונדזערע געפילן.

מיט ווערטער קען מען זיך אויסדריקן וויפל מען פאַרשטייט, אָבער ניט וויפל מען פילט.

## גערעכטיקייט

ווער ס'איז ביי זיך אַלעמאָל גערעכט, דער איז פאַר דעם אַנ־דערן אַלעמאָל אומגערעכט.

מ'קען מיט אויל פייער ניט אויסלעשן און מ'קען מיט ריטער די גערעכטיקייט ניט שטום מאַכן.

גערעכטיקייט זוכט ניט קיין דאַנקבאַרקייט. זי ווערט אָבער אויפגערעגט פון אומדאַנקבאַרקייט.

אַפילו צו לעבן גערעכט האָט ניט דער מענטש אַלע מאָל דאָס רעכט.

געלונגען פאַרטיידיקט הייסט נאָך ניט באמת זיין גערעכט.

גראָד דער אומגערעכטער שרייט און זידלט; דער גערעכטער רעדט שטיל און באַשיידן.

עס דאַרף אונדז פיל ניט אַרן ווען דער אַנדערער האָט אַ פּראָסטן באַגריף וועגן שיינקייט און מיאוסקייט; עס דאַרף אָבער אונדז יאָ קימערן ווען דער אַנדערער האָט אַ פאַלשן באַגריף וועגן גערעכטיקייט און אומגערעכטיקייט.

גערעכטיקייט מוז אָנגעווענדט ווערן הומאַניסטיש און אויסגע־טייטשט ווערן מיט פאַרשטאַנד און געפיל.

מען קען ניט האַנדלען גערעכט, ווען מען האָט ניט קיין באַ־גריף פון אומרעכט.

ווער עס קען ניט מודה זיין אויף אַן אומרעכט, דער קען ניט תמיד זיין גערעכט.

כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער גערעכטיקייט, מוז מען צוערשט אַרויסראַמען די אומגערעכטיקייט.

ווען די גערעכטיקייט קען ניט באַזיגן די אומגערעכטיקייט מיט גערעכטע מיטלען, מוז זי אָנווענדן אומגערעכטע מיטלען.

## געשיכטע

ניט יעדער וואָס געהערט צו דער געשיכטע בלייבט אין דער געשיכטע; ניט יעדער וואָס שרייבט געשיכטע, געהערט צו דער געשיכטע.

דער גרעסטער דעספּאָט איז מאַכטלאָז קעגן דעם אמת פון דער געשיכטע.

דער היסטאָריקער איז דער סעקרעטאַר פון נעכטן. דער זשור־נאַליסט — דער וועכטער איבערן היינט. דער בעלעטריסט לעבט מיטן מאָרגן.

געשיכטע דערציילט ווי זי לאָזט זיך פאַרשטיין.

געשיכטע איז סקיצירטע בעלעטריסטיק; בעלעטריסטיק איז מאָ־לערישע געשיכטע.

היסטאָרישע מאָמענטן קומען ניט יעדן מאָמענט.

ניט וויסן די אייגענע פאָלקס־געשיכטע מיינט ניט קענען זיך אַליין.

ווען מ׳זאָל פון דער וועלט־געשיכטע אָפּטיילן די אַלע פאַנטאַ־זיעס און לעגענדעס, וואָלט זי זיך אַליין ניט דערקאָנט.

די וועלט־געשיכטע איז אַ פּנקס, וווּ די צייט שרייבט אַריין יעדן טאָג אַ נײַ בלאַט, אַ פּנקס וווּ עס פעלן פאַר אונדז און וועלן אַלע־מאָל פעלן — די ערשטע און לעצטע בלעטער.

אויך גרויסע טיראַנען און גרויסע אידיאָטן גייען אָפּט אַריין אין דער געשיכטע, אָבער אַלס שוואַרצע, מיאוסע פלעקן.

געשיכטע איז ניט נאָר אויסן אונדז צו דערציילן פּאַסירונגען און פאַקטן, נאָר אויך מיר זאָלן זיי געדענקען און לערענען פון זיי.

פון דער געשיכטע קענען מיר זען ניט נאָר די ווייטע פאַר־גאַנגענהייט, נאָר אויך — די נאָענטע צוקונפט.

אַרום גרויסע מענטשן שאַפן זיך לעגענדעס, וואָס ווערן מיט דער צייט אָנגענומען פאַר געשיכטלעכע עפּיזאָדן.

ביאָגראַפיע איז די געשיכטלעכע ווירקונג פון אַ מענטשן; אויטאָביאָגראַפיע איז די געשיכטלעכע איבערלעבונג פון אַ מענטשן.

יעדער היסטאָריקער זעט די היסטאָרישע פּאַסירונגען מיט זײַנע אויגן און שרייבט זיי אָן מיט זיין קאָמענטאַטאָרישער פאַרשטענ־דעניש.

יעדער לערנט פון געשיכטע ווי ער פאַרשטייט; געשריבן אָבער מוז זי ווערן ווי זי האָט פּאַסירט.

דורכשניטלעכע מענטשן לייענען געשיכטע; דענקענדיקע מענטשן לערנען זי.

דער היסטאָריקער מאַכט זיך אומשטערבלעך מיט זיין פאַר־אייביקן געשיכטלעך די פאַרגאַנגענהייט.

ווילסטו וויסן וועגן דעם לעבן פון אַ פאָלק, מוזסטו זיך באַקע־נען מיט זיין געשיכטע; ווילסטו פאַרשטיין דאָס לעבן פון אַ פאָלק, מוזסטו זיך באַקענען מיט זיין קולטור.

די געשיכטע פון אַ פאָלק איז דער מאָנומענט פון זיין פאַר־גאַנגענהייט און דער שפּיגל פון זיין לעבן און שאַפן.

היסטאָריקער זיינען שליחים פון דער צייט אויף וויפל זיי שפּיגלען אָפּ די צייט.

לעגענדעס זיינען פאַנטאַזיעס פון דער געשיכטע.

ווען אַ פאָלק הייבט אָן צו פאַרגעסן זיין געשיכטע, אַזוי באַלד הייבט עס אָן צו פאַרגעסן אָן זיך.

אַ פּנקס איז אַ נאָטיץ־בוך פון געשיכטע פאַר דער געשיכטע.

## גרויסקייט

גרויסקייט איז אַ דערגרייכונג; פעיקייט — אַן אייגנשאַפט.

אַ קליין מענטשל שטאַרבט פאַר זיך און פאַר די אָרומיקע באַ־ענטע; אַ גרויסער מענטש שטאַרבט פאַר דער וועלט, פאַר נאָענט און פאַר וייט.

קלוגשאַפט, גוטסקייט און גערעכטיקייט זיינען דער חוט המ־שולש פון גרויסקייט.

העלדישקייט ווערט אַפּלאָדירט; גרויסקייט — געערט.

גרויסקייט בייטיקט זיך ניט אין טרומייטן, זוכט ניט קיין אַפּלאָ־דיסמענטן.

מאַכט קאָן נאָר הערשן. גרויסקייט אָבער קאָן ווירקן.

אַ גרויסער מענטש קאָן מען זיין אַפילו ווען מ׳איז אַ קאַרליק. אַ קליינער מענטש — אַפילו ווען מ׳איז אַ ריז.

גרויסקייט לאָזט זיך אָפּשאַצן מיטן קאָפּ; גוטסקייט — מיט דעם האַרץ.

אַ מענטש שטייט העכער פונעם אַנדערן מיט אַזוי פיל, מיט וויפל דער אַנדערער שטייט נידעריקער פון אים.

די גרויסקייט פון אַ מענטשן באַשטייט ניט אין זיין פיל וויסן, קענען און פאַרשטיין, נאָר אין זיין שטרעבן זיך צו טיילן, איבער־צוגעבן זיינע מיטמענטשן אַלץ, וואָס ער ווייסט און פאַרשטייט.

גרויס איז דער וואָס ווייסט פון זיין קליינקייט; נאָך גרעסער איז דער וואָס ווייס ניט פון זיין גרויסקייט.

ווער עס איז גרויס, דער קען זיך צופּאַסן צו אַלעמען; ווער עס האַלט זיך גרויס, דער קען זיך ניט צופּאַסן אַפילו צו זיין גלייכן.

גרויסע מענטשן ווייזן אַרויס זייער גרויסקייט בלויז אין גרויסע מאָמענטן; קליינע מענטשן ווייזן אַרויס זייער קליינקייט אַלעמאָל און אומעטום.

ניט יעדער וואָס איז גרויס איז גערעכט, אָבער יעדער וואָס איז גערעכט איז גרויס.

ווער ס׳איז גרויס, דאַרף זיך נאָך גרויסקייט ניט יאָגן; ווער ס׳יאָגט זיך נאָך גרויסקייט, דער פאַלט איבער זיין קליינקייט.

ניט אַלע גרויסקייטן פון מענטשן זיינען איינס און ווירקן גלייך. איינער רופט אַרויס מיט זיין גרויסקייט ליבע; אַ צווייטער — אַכטונג און אַ דריטער — ווונדער.

וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ גרעסער זיינען זיינע ווונטשן און זיין אומצופרידנקייט.

מ׳קאָן ניט ווערן גרויס אָן זיך צו קימערן וועגן דעם קלענערן און שוואַכערן.

צו גרויסקייט דאַרף מען נאָך באַזיצן קלוגשאַפט, כדי צו וויסן ווי אומצוגיין מיט דער גרויסקייט.

מ׳דאַרף זיין גרויס צו קענען ווירקן אויף דעם אַנדערן צו ווערן בעסער; און מ׳דאַרף זיין נאָך גרעסער צו קענען ווירקן אויף זיך צו ווערן בעסער.

גרויסע מענטשן קענען זיך באַהאַלטן פון מענטשן, אָבער ניט פון דער וועלט.

גרויסקייט ווערט אויפגענומען מיט אַכטונג; גוטסקייט — מיט

ליבע; שטאָלצקייט — מיט רעספּעקט; גאווה — מיט האַס און נאַרישקייט — מיט געלעכטער.

גרויסע מענטשן האַלטן זיך קליין; קליינע מענטשן האַלטן זיך גרויס.

ווען אַ גרויסער מענטש ווייסט ניט זיין גרויסקייט איז ער ווי אַ בלום, וואָס ווייסט ניט איר שיינקייט.

גרויסקייט ווערט אינספּירירט פון דער צוקונפט, כאָטש זי קריגט די אינספּיראַטיווע איינדרוקן אין דער קעגנוואַרט.

דער באַראָמעטער פון מענטשלעכער גרויסקייט ליגט אין ליבע און אַכטונג; וויפל אַ מענטש ווערט געליבט און געאַכט, אַזויפיל איז ער גרויס.

גרויסקייט האָט צו טאָן מער מיט עטישקייט ווי מיט פעיקייט.

ניט יעדערער וואָס איז געבילדעט איז גרויס, אָבער יעדער וואָס איז גרויס איז געבילדעט.

גרויסקייט ווערט באַווירקט פון גרויסקייט.

די גרויסקייט פון אַ מענטשן לאָזט זיך ניט לייענען אויף זיין פּנים, מען מוז אים זען ביי דער אַרבעט פון זיינע גרויסע אויפטוען.

גרויס איז דער, וועלכער קען דעם קלענערן גרעסער מאַכן.

ערלעכע מענטשן זיינען מודה אויף זייערע פעלערן; קלוגע מענטשן געפינען אַליין אויס זייערע פעלערן, און גרויסע מענטשן היטן זיך צו מאַכן פעלערן.

ניט יעדער קאָן זיין גרויס, אָבער יעדער קאָן זיין ערלעך.

מען מוז זיין באמת גרויס כדי צו ווערן פון דער וועלט געלויבט און גערימט, און קענען די גרויסקייט אָנהאַלטן.

די גרויסקייט פון אַ יונגן מענטשן מוז געשאַצט ווערן נאָך זיינע יאָרן; פון אַ דערוואַקסענעם מענטשן — נאָך זיינע מעשים.

גרויסקייט איז שווער שטענדיק צו טראָגן, דערפאַר מוז אַפילו דער גרעסטער גדול פון איר אָפּט אָפּרוען.

פיזישע גרויסקייט האָט גאָרנישט צו טאָן מיט גייסטיקער גרויסקייט.

טיף איז דאָס וואָרט, ווענעמס גרויסקייט ס׳איז שווער צו באַ־גרייפן און גרויס איז דאָס וואָרט, ווענעמס טיפקייט ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין.

גרויסקייט איז שווערער צו דערזען ווי קליינקייט.

געלערנט איז ניט דער וואָס ווייסט פון גרויסע מענטשן, נאָר דער וואָס ווייסט פון זייער גרויסקייט.

שווער גרויס צו ווערן; נאָך שווערער — גרויסקייט אָנצוהאַלטן.

## ד.

## דאַנקבאַרקייט

די נשמה פון דאַנקבאַרקייט קוקט ניט אויף דער גרויסקייט פון דער טובה, נאָר אויף דער האַרציקייט פון דער טובה.

ווער עס טוט גוטס פאַר דאַנקבאַרקייט, דער איז אפשר קיין דאַנקבאַרקייט ניט ווערט, אָבער אומדאַנקבאַרקייט — געוויס ניט.

אומדאַנקבאַרקייט טוט זייער ווי, מ׳דאַרף זיין אַ גרויסער צדיק צו קענען עס פאַרטראָגן אַזוי ווי דאַנקבאַרקייט.

## דאָקטאָר

מעדיציניש וויסנשאַפט איז ניט גענוג אַ גוטער דאָקטאָר צו ווערן, מען מוז נאָך דערצו האָבן פיל פּראַקטיק און גענוג שכל וואָס צו לערנען פון דעם און ווי אומצוגיין מיט דעם.

אַ דאָקטאָר באַקלאָגט זיך ניט פאַר זיינע פּאַציענטן ווען ער פילט זיך קראַנק.

וואָס טויג אַ גוטער דאָקטאָר, אַז מען פאָלגט אים ניט? וואָס טויג ריכטיקע מעדיצין, אַז מען נעמט זי ניט?

אַ דאָקטאָר איז בלויז אַ דאָקטאָר, אָבער ניט קיין נביא און קיין גאָט געוויס ניט.

מ׳קען זיין דער בעסטער דאָקטאָר פאַר דעם אַנדערן און ניט קענען העלפן זיך אַליין.

אַ קאָכבוך איז דער ערשטער טייל פון דאָקטאָרבוך.

ווען אַ דאָקטאָר ווערט קראַנק איז ער אויך אַ פּאַציענט.

אַ דאָקטאָר מוז אַמאָל זיין אויך אַ דעטעקטיוו, אויסצוגעפינען פון דעם קראַנקן די סיבות פון זיין קראַנקייט.

דער צוטרוי צום דאָקטאָר העלפט דעם קראַנקן מער ווי די מע־דיצין פון דעם דאָקטאָר.

אויך אַ דאָקטאָר האָט, ווען עס איז, בייטיק אַ דאָקטאָר.

זיין אַ גוטער דאָקטאָר איז נאָך ניט גענוג. מען מוז נאָך זיין אַ גוטער מענטש.

אַ קלוגער דאָקטאָר לאָזט דעם קראַנקן ריידן.

שלעכטע קעכינס זיינען גוט פאַר — דאָקטוירים.

אַז מ׳דערזעט דעם דאָקטאָר דערמאָנט מען זיך אַז מ׳איז קראַנק.

אַ דאָקטאָר מוז גלויבן דעם קראַנקן, אַזוי ווי דער קראַנקער מוז צוטרוי האָבן צום דאָקטאָר.

אַ דאָקטאָר, וואָס האָט רחמנות אויף דעם קראַנקן, טאָר קיין כי־רורג ניט זיין; אַ קריטיקער וואָס האָט רחמנות אויף דעם מחבר, טאָר קיין ריכטער ניט זיין.

אַ שלעכטער פּאַציענט קען קראַנק מאַכן דעם בעסטן דאָקטאָר.

## דימענטן (דיאַמאַנטן)

דער טייערסטער דימענט האָט ניט קיין ווערט, ווען מען ווייסט ניט זיין ווערט.

ווען אַ דימענט ווערט איינגעפאַסט אין גאָלד, פאַרלירט דאָס גאָלד זיין אויפמערקזאַמקייט, אָבער ניט זיין ווערט.

דימענטן און ווערטער מוז מען שלייפן: די ערשטע צוליב זייער אויסקוק און די לעצטע צוליב זייער אויסדרוק.

אַן אמתער דימענט און אַ אמת קלוג וואָרט פאַרלירן קיינמאָל ניט זייער ווערט.

אַ דימענט, וועלכן קאָליר ער זאָל ניט האָבן, איז ער טייער.

דימענטן קלינגען ניט, נאָר זיי גלאַנצן און פינקלען.
ניט יעדער, וואָס באַזיצט אַ דימענט, ווייסט דעם ווערט פון אים.

## דיסציפּלין

ווען אַ קינד ווערט ניט דיסציפּלינירט, ווערט עס רואינירט.

ניט נאָר קליינע קינדער נייטיקן זיך אין דיסציפּלין, נאָר אויך דערוואַקסענע.

אומדערצויגענע מענטשן נייטיקן זיך אין דיסציפּלין; ווילדע מענטשן — אין דיקטאַטור.

ווען אַ מוטער איז צו גוט צו באַהערשן דאָס קינד מיט דיס־ציפּלין, באַהערשט דאָס קינד די מוטער מיט זיינע קאַפּריזן.

דיקטאַטור איז די הערשאַפט פון די איינצלנע איבער דער מער־הייט; דיסציפּלין איז די הערשאַפט פון דער מערהייט איבער די איינצלנע.

וואָס שפּעטער אַ קינד ווערט דיסציפּלינירט, אַלץ ערגער איז עס פאַר דעם קינד און פאַר זיינע עלטערן.

אַ קינד מוז ווערן דיסציפּלינירט ניט נאָר מעטאָדיש, נאָר אויך היגיעניש.

דיסציפּלין איז דערציערישע דיקטאַטור; דיקטאַטור איז דעס־פּאָטישע דיסציפּלין.

דיסציפּלין איז פאַראַנטוואָרטלעכע מאַכט; דיקטאַטור איז אומ־פאַראַנטוואָרטלעכע מאַכט.

דיסציפּלין נייטיקט זיך אין מאָראַל, וואָס באַשטייט פון קאָאָפּע־ראַטיווער, האַרמאָנישער אָרדענונג.

דיסציפּלין איז מעטאָדיש; דיקטאַטור — דעספּאָטיש.

די רעגלען פון דיסציפּלין זיינען די רייפן פון דער מאָראַל.

דיסציפּלין איז גרויזאַם ביז מען דערזעט אירע גוטע רעזולטאַטן.

אַ קינד מוז ווערן דיסציפּלינירט ביז דאָס גוטע ווערט ביי אים אַ געוווינהייט.

# דענקמעלער

אַ גוט בוך איז אַ גייסטיקער מאָנומענט וואָס אַלע קענען אים זען, אָבער ניט אַלע קענען אים פאַרשטיין.

עס איז ניטאָ קיין בעסערער דענקמאָל, ווי איבערצולאָזן אַ גוט ווערק, וואָס מענטשן זאָלן קענען פון אים לערנען.

ס׳איז ניטאָ קיין בעסערער דענקמאָל ווי אַ ווערק, וואָס פאַר־אייביקט דאָס נאָענטסטע, ליבסטע און טייערסטע.

דענקמעלער פון גרויסע מענטשן ווינקען — צו דער היסטאָריע.

דענקמעלער פון גרויסע פערזענלעכקייטן זיינען שטומע עדות וואָס פאַר זיי רעדט די געשיכטע.

# דענקען

אמת, אָן אַ קאָפּ קען מען ניט דענקען, אָבער דאָס מיינט ניט, אַז ווען מ׳האָט אַ קאָפּ, קען מען שוין דענקען.

קענסטו דענקען, געהערט דיר די וועלט; קענסטו ניט דענקען, וואָס טויג דיר די וועלט?

דענקען מיינט פאַרשן וואָס מיר שפירן און פילן; שטודירן וואָס מיר ווילן און צילן; באַטראַכטן וואָס מיר זעען און הערן.

ווער ס׳האָט ניט קיין געפיל צו שפירן און פילן, דער האָט ניט קיין אינטערעס צו טראַכטן און דענקען.

וואָס טויג דיר זיין אַ קינסטלער פון וואָרט, אַז מען איז אַ קאַ־ליקע אין דענקען?

וועמען עס איז שווער צו דענקען, דעם איז לייכט צו באַהערשן.

קענען דענקען איז ניט גענוג, מ׳דאַרף נאָך וועלן ערלעך דענ־קען און צייט האָבן צו דענקען.

אָן איינדרוק קענען מיר ניט פילן; אָן צו פילן — קענען מיר ניט דענקען.

אַ נאַר טראַכט, אַ קלוגער דענקט.

דאָס האַרץ קאָן שפירן, פילן אָבער ניט טראַכטן, דענקען.

## דענקער

גרויסע דענקער זוכן זיך אויסצודריקן דווקא אין קורצע ווער־טער.

אַ דענקער מוז זיין ערלעך און פאַרשטענדלעך זיך צו דערקענען און דעם אַנדערן צו פאַרשטיין.

דער דענקער איז נאָר אינטערעסאַנט פאַר דענקענדיקע מענטשן. פאַר אייזלקעפּ איז ער אַ נודניק.

אַ דענקער וואָס איז אַזוי גרויס, אַז קיינער קען אים ניט פאַר־שטיין, איז ווי אַן אוצר, וואָס ליגט אויפן גרונט פון ים.

מאַנכע ווערן דענקער געבאָרן און מאַנכע ווערן דענקער פונעם לעבן אויסגעהאַמערט.

## דערפאָלג

דערפאָלג האָלט מען פאַר קלוג; דורכפאַל — מאַכט קלוג.

## דערפאַרונג

צוויי מענטשן קענען פאָרן אויף איין פור, לעבן אונטער איין דאָך און דאָך האָבן פאַרשידענע דערפאַרונגען, אייגנטימלעכע איינ־דרוקן און אייגנאַרטיקע מיינונגען.

אַלץ בעסערט זיך און רייפט זיך אויס פון איבונג און דער־פאַרונג.

דער פונדאַמענט פון לעבנס־חכמה איז דאָס פאַרשטיין די טעג־לעכע לעבנס־דערפאַרונג. אָן דעם איז בילדונג אַזוי ווי אַ געזונטער קערפּער אויף קראַנקע פיס.

דערשיינונג און איינדרוק בילדן אונדזערע געפילן; דערפאַרונג און פאַרשטאַנד בילדן אונדזערע געדאַנקען.

פון דעם אַנדערנס דערפאַרונג האָבן מיר די פאָרזיכט זיך צו היטן פון פעלערן; פון אייגענער דערפאַרונג האָבן מיר די פּראַק־טיק ניט צו מאַכן קיין פעלערן.

שכל און דערפאַרונג מוזן גיין צוזאַמען, אַניט הינקען זיי ביידע אונטער.

פאַקטן מאַכן אונדז אויפמערקזאַם ווי צו האַנדלען אין די פּראָ־צעסן פון אונדזערע דערפאַרונגען.

פון טעאָריע ביז פּראַקטיק איז אַ גרויסער שפּרונג, וואָס מ׳דאַרף האָבן שכל און דערפאַרונג ניט צו מאַכן צווישן זיי — קיין דורכפאַל.

מיט דער געבורט פון נייע דורות אַנטוויקלען זיך נייע אָנשוי־אונגען און באַגריפן וואָס דערגענצן דעם פּראָגרעס מיט נייע דער־פאַרונגען און וויסן.

אָן פּראַקטיק און דערפאַרונג וואָלט אפילו די וויסנשאַפט גע־גאַנגען אויף קוליעס.

פון דערפאַרונג ווערט מען דערפאַרענער, אָבער ניט קליגער.

יעדער מענטש קריגט דערפאַרונג אין לעבן, אָבער ניט יעדער לערנט פון איר.

די בעסטע שולע איז אייגענע דערפאַרונג און ווער עס קען ניט פון דער שולע וואָס לערנען, דעם קען שוין אַפילו גאָט אַליין ניט העלפן.

אייגענע דערפאַרונג איז אייגענע פּיס; פרעמדע דערפאַרונג איז הילצערנע שטאַלצן.

דערפאַרונג לערנט ווי אינעם לעבן זיך צו באַגיין; ביכער לער־נען ווי די דערפאַרונג צו פאַרשטיין.

נייע דערפאַרונגען שאַפן נייע באַגריפן; נייע באַגריפן שאַפן נייע געדאַנקען.

וויסן קען אונדז נאָר זאָגן וויפל מיר ווייסן, דערפאַרונג — מער וויפל מיר ווייסן.

צוליב דערפאַרונג אין לעבן שטעלן אָפּט מענטשן אין געפאַר זייער לעבן.

## דערציונג

דערציען אַ קינד איז שווערער ווי געבוירן אַ קינד, ווייל דאָס ערשטע איז אַ וויסנשאַפטלעכער פּראָצעס און דאָס לעצטע — אַ נאַ־טירלעכער פּראָצעס.

ווען אַ קינד זאָל וועלן באַצאָלן דער מוטער, וואָס זי האָט

געטאָן פאַר אים ביז זי האָט אים דערצויגן, וואָלט עס אַפילו אין צען דורות צייט איר געבליבן שולדיק.

אידעיִש ווערן מיר מער דערצויגן פון בילדונג; געזעלשאַפטלעך — מער פון אומגעבונג.

די וועלט זאָרגט זיך וועגן „קינדער־דערציִונג"; פיל וויכטי־קער אָבער דאַרפן מיר זיך קימערן וועגן „עלטערן־דערציִונג".

ס'זיינען ניטאָ קיין שלעכטע אָדער גוטע מענטשן פון דער נאַ־טור; ס'זיינען אָבער יאָ דאָ שלעכט־ און גוט־דערצויגענע פון גע־בורט אָן.

די שול דאַרף זיין ניט נאָר אַ טעמפּל פון וויסן, נאָר אויך אַן אַנשטאַלט פון דערציִונג.

מ'קען ניט זיין שיין ווען מ'איז מיאוס געבאָרן; מ'קען ניט זיין גוט, ווען מ'איז שלעכט דערצויגן.

גוטע זיטן וואַקסן אין די בייטן פון גוטער דערציִונג.

מוטער־ליבע איז נאָך ניט גענוג צו דערציִען אַ קינד. מען מוז נאָך צו דעם וויסן, ווי צו דערציִען אַ קינד.

אַ סך מענטשן אַנשטאָט זיי צו שיקן אין אַ דערציִונגס־אַנ־שטאַלט, ווערן זיי געשיקט אין געפענגעניש.

אומגליקלעכער פון יתומים זיינען די קינדער וואָס האָבן נאַ־רישע, אומדערצויגענע עלטערן.

יעדער מענטש איז דאָס, ווי ער ווערט דערצויגן און באַווירקט פון דער סביבה.

גוטע דערציִונג איז די רייכסטע ירושה.

געהאָרכזאַמקייט איז דאַן אַ מעלה ביי דערציִונג ווען מ'גיט דעם קינד צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס דאַרף עפּעס טאָן און פאַר־וואָס עס דאַרף עס ניט טאָן, ווייל אויטאָמאַטישע געהאָרכזאַמקייט שטערט דער אַנטוויקלונג פון זעלבסטשטענדיקן דענקען און האַנד־לען.

כדי צו דערציִען אַ קינד איז ניט גענוג ליבע און געדולד, מ'מוז נאָך צו דעם באַזיצן שכל און דערפאַרונג.

עס איז ניט די פראַגע, ביי וועמען מ׳איז געבאָרן, נאָר פון וועמען מען איז דערצויגן.

מ׳קאָן קינדער זיך ניט אויסקלייבן; מ׳קאָן אָבער באַשליסן וועלכע דערציִונג זיי צו געבן.

ליבער איז מיר דער, וואָס איז בעסער דערצויגן, ווי דער וואָס איז מער געלערנט.

וויסנשאַפט מאַכט קליגער; דערציִונג — בעסער.

יעדע מוטער האָט איר שולחן ערוך ווי צו דערציען איר קינד, ווייל יעדע מוטער, ווי יעדעס קינד, איז אַ באַזונדערע וועלט פאַר זיך.

ווער עס מאַכט דעם שטעקן פאַר דעם דערציער, דער איז אַליין ווערט דעם שטעקן.

אַ קינד מוז באַהערשט ווערן מיט מעטאָדישער דיסציפּלין, אָבער ניט באַוועלטיקט ווערן מיט דיקטאַטאָרישער ברוטאַליטעט.

חכמה, דערציִונג און דערפאַרונג זיינען דער חוט־המשולש פון אינטעליגענץ.

צוויי לייצעס, צו קערעווען רעכטס און לינקס, פאָדערט זיך ביי קינדער־דערציונג, עס איז אָבער זייער שלעכט ווען די מוטער האַלט איין לייצע און ציט רעכטס און דער פאָטער — די אַנדערע לייצע און ציט לינקס.

## דערקלערן

וואָס ס׳איז פאַר זיך אַליין ניט קלאָר, דאָס קען מען דעם אַנדערן ניט דערקלערן.

ווער עס וויל פאַרשטיין, דער לאָזט זיך דערקלערן; ווער עס לאָזט זיך דערקלערן, דער קען געבן צו פאַרשטיין.

ה.

## האַנט

אַ האַנט־פינגער איז טייערער ווי אַ פוס־פינגער.

אייגענע הענט, אויב זיי זיינען ניט פעיקער, זיינען זיי אָבער געטרייער.

ווען די הענט טויגן ניט — זיינען די פיס גאָרניט שולדיק.

וואָס טויגן גאָלדענע הענט, אַז דער קאָפּ איז אַ ליימענער.

## האַנדל

ווען געשעפט גייט ניט, גייען אַלע אויסגאַבן פאַרלאָרן.

דאָס געשעפט־בוך קען דיר נאָר זאָגן וויפל דו האָסט איינצו־מאָנען, אָבער ניט וויפל דו וועסט איינמאָנען.

ביי אַ גוטן געשעפטסמאַן זיינען קיין שלעכטע קונדן ניטאָ.

כדי צו ווערן אַ דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן מוז מען באַזיצן ערלעכקייט, קלוגשאַפט, פּינקטלעכקייט און געדולד.

מען קען באַזיצן די בעסטע געשעפט־אייגנשאַפטן, אָבער אָן אַ סיסטעם קען קיין געשעפט קיין הצלחה ניט האָבן.

מען דאַרף גאָרניט פּטרן ביי געשעפט אַזוי פיל געזונט, ווען מען האָט נאָר גענוג שכל.

וואָס ביליקער דער אַרטיקל, אַלץ ווייניקער דער פּראָפיט פון אים.

שיין פאַרפּוצטע פענצטער, גוטע סחורה, און העפלעכע באַ־האַנדלונג ברענגען קונדן פון אַלע זייטן.

מען קען זיך זיין אַ גרויסער מענטש, און דאָך זיין אַ קליי־נער געשעפטסמאַן.

ערלעכע באַהאַנדלונג דאַרף קיין קונדן ניט רופן צו קומען,

העפלעכע באַהאַנדלונג דאַרף ניט מורא האָבן אַז זיי וועלן אַנטלויפן.

האַנדל איז פאַרבונדן מיט וואַנדל.

וויפל מען זאָל אַ מענטשן ניט קענען, מיינט עס גאָרניט, אַזוי לאַנג מען איז ניט געוועזן מיט אים צוזאַמען אין געשעפט.

קאָמערץ און פּאָליטיק ווייסן ניט פון קיין הייליקטום, אויסער זייער אייגנטום.

## האָפענונג

ווען מען קען שוין ניט האָפן, לאָזט מען זיך טרייסטן.

האָפענונג איז אַזוי נייטיק פאַר אונדזער לעבן, אַז ווען אַפילו זי וואָלט אונדז געגאָרט דאָס גאַנצע לעבן, וואָלט זי אויך פאַרדינט דעם שענסטן פּלאַץ איר אָפּצוגעבן.

די האָפענונגען זיינען די חלומות פון די וואַכעדיקע.

האָפענונג טרייסט די קעגנוואָרט מיט דער צוקונפט.

האָפענונג איז טייערער פון געלט, ווייל מ׳קען עס ניט קויפן פאַר געלט.

האָפענונג איז דער אָטעם פון לעבנסגליק.

האָפענונג איז די אמונה פון שפּעטער.

האָפענונג שפּאַצירט צווישן ווירקלעכקייט און פאַנטאַזיע.

אָן האָפענונג וואָלט שטרעבונג ניט געהאַט קיין כוח צו שטרעבן. אָן צופעליקייט וואָלט האָפענונג ניט געהאַט קיין כוח צו האָפן.

האָפענונג איז אַ געמיש פון גלויבן און זיכערקייט.

די האָפענונג וואָלט אונדז ניט געהאַט אַזויפיל געגאָרט, ווען מיר וואָלטן איר ניט געהאַט אַזוי פיל געטרויט.

קען מען נאָך האָפן, איז מען נאָך ניט אומגליקלעך; קען מען נאָך געטרייסט ווערן, איז מען נאָך ניט עלנט.

נאָר די האָפענונג איז פריינדלעך צו דער פאַנטאַזיע, אָבער ניט די ווירקלעכקייט.

אָן האָפענונג וואָלטן מיר יעדן טאָג געשטאַנען ביים שוועל פון זעלבסטמאָרד.

פאַר וועמען אַלע הימלען זיינען געבראָכן, פאַר דעם איז אויס־געלאָשן די ליכט פון טרייסט און האָפענונג.

# האַרץ

מיר קענען ניט זען, וואָס ס׳טוט זיך אין יענעמס האַרצן, דע־ריבער מוזן מיר פּרובירן דעם אַנדערן אָפּשאַצן נאָך זיינע האַנד־לונגען.

ס׳איז לייכטער צוצוקומען צום גרונט פון ים, ווי צום גרונט פון אַ מענטשלעך האַרץ.

קאָמפּראָמיסן קען מען נאָר מאַכן מיט דעם קאָפּ, אָבער ניט מיט דעם האַרץ.

פון אַ שלעכטן מאָגן ליידט מען אַליין; פון אַ שלעכט האַרץ ליידט אויך דער אַנדערער.

כדי צו רירן יענעמס האַרץ מוז מען רעדן מיט האַרץ.

ווען דאָס האַרץ איז פריילעך, זיינען די פיס גרייט צו טאַנצן.

ס׳איז שווערער אַ האַרץ צו פאַרשליסן, ווי צו עפענען.

צו אַ צעבראָכענעם האַרץ העלפט ניט קיין שליסל; פאַר אַ טויט האַרץ איז ניטאָ קיין שליסל.

אַ צעבראָכענע פידל קאָן ניט שפּילן; אַ צעבראָכן האַרץ קאָן ניט ליבן.

פאַר אַ ביטער האַרץ איז דער שענסטער וועטער שוואַרץ.

אַ האַרץ קען שפּירן און פילן, אָבער ניט טראַכן און דענקען.

צו עפענען אַ פאַרשלאָסענע טיר מוז מען האָבן אַ ריכטיקן שליסל; צו עפענען אַ פאַרשלאָסן האַרץ מוז מען זיך אַמאָל באַ־נוצן מיט אַ פאַלשן שליסל.

מיט וואָס עס קען זאַט ווערן דער מאָגן קען ניט זאַט ווערן דאָס האַרץ.

דאָס האַרץ זאָגט אונדז אָפט מער שפּירנדיק ווי דער קאָפּ דענקענדיק.

# הומאָר

הומאָר איז די לוסטיקייט פון דער קריטיק, וואָס קריטיקירט די מענטשלעכע שוואַכקייטן און די פעלערן פון לעבן מיט געלעכטער און פריינדלעכקייט.

אמת, לצנות זיינען ניט קיין הומאָר, אָבער אויך צו דעם מוז מען באַזיצן טאַלאַנט און אַ ביסל שכל.

הומאָר איז דאָס, וואָס ברענגט פאַר אונדז אַרויס די קאָמישע האַנדלונגען פונעם לייכטזיניקן און די נאַרישע טעטיקייט פונעם שוואַכזיניקן.

אמתער הומאָר און ערלעכע קריטיק האָבן ניט קיין מיטלייד מיט דאָס נאַרישע און פעלערהאַפטע.

אמתער הומאָר לאַכט ניט אָפּצולאַכן, נאָר זיך אויסצוויינען.

ווו ס'איז דאָ לעבן, דאָרט איז פאַראַן הומאָר. אינעם טויט איז קיין הומאָר ניטאָ.

פאַרמאָגסטו אַ ביסל הומאָר אין לעבן, געהערט דיר דאָס ביסל פרייד פון לעבן; פאַרמאָגסטו עס ניט, טאָ וואָס שרעקסטו זיך אַזוי פאַר דעם טויט?

הומאָר פּאַטשט לאַכנדיק, סאַטירע — שמייכלענדיק און קריטיק — ערנסט.

הומאָר לאַכט איראָניש, סאַטירע שמייכלט סאַרקאַסטיש און לצנות פּינטלט שעלמיש.

אָן הומאָר איז דאָס לעבן טרויעריק; אָן פּאָעזיע איז דאָס לעבן פאַרבלאָז.

הומאָר מאַכט לאַכן; לצנות מאַכט זיך לעכערלעך.

הומאָר איז די אינטימיטעט פון באַקאַנטשאַפט; ציניזם — פון וווּלגאַריטעט.

דער בעסטער הומאָר און די בעסטע סאַטירע מוזן זיין דורכגעשפּריצט מיט קיבעץ און לצנות. אָן דעם פעלט די פעפערדיקייט פון וויץ און די געזאַלצנקייט פון סאַטירע.

הומאָר אַנטקעגן פּאָעזיע איז ווי פראָסט ברויט, אָבער אַזוי נייטיק ווי פראָסט ברויט.

הומאָר מוז זיין פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען. סאַטירע מעג אַמאָל זיין רמזדיק.

הומאָר איז דער שמייכל פון דער טראַגיק.

וויפיל הומאָר אַ מענטש באַזיצט, אַזוי יונג איז ער.

הומאָר איז דער באַראָמעטער פון יונגקייט; גלייכגילטיקייט — פון אַלטקייט.

הומאָר האָט ליב זיך צו וויצלען איבער ליבע, ער איז אָבער ניט די שפּראַך פון דער ליבע.

ווען הומאָר און סאַטירע זיינען טרעפלעך שאַרף, זיינען זיי קינסטלעריש גרויס.

שפּאַס ליגט ביי די פיס פון הומאָר.

הומאָר זאָגט דעם ביטערן אמת לאַכנדיק; סאַטירע — בייסנדיק.

אויב ציניזם איז באַהויכט פון הומאָר, האָט ער אָבער קיין רעספּעקט ניט פאַר הומאָר.

ציניזם איז דער הומאָר פון דעם נאַר.

לצנות איז די ציגנישקייט פון הומאָר; ציניזם איז דער אָפּפאַל פון הומאָר.

נאַרישקייט און לייכטזיניקייט זיינען די שפּייז פון וויץ און געלעכטער.

אין אַ גוטן וויץ ליגט מער אמת. אין אַ קלוגן וויץ — מער געלעכטער.

לצנות איז ניט קיין הומאָר, אָבער אויך אַ לץ צו זיין מוז מען האָבן אַביסל הומאָר.

דער וואָס האָט ניט קיין געפיל פאַר מוזיק, דער האָט אַ האַרץ פון אייז; ווער עס האָט ניט קיין געפיל פאַר הומאָר, דער האָט אַ האַרץ פון אייזן.

## הומאָריסט

דער הומאָריסט מעג זיך דערלויבן אָפּצולאַכן אפילו פון גאָט

אַליין; דער פּאָעט קען זיך דערלויבן אַרויפצופליען אַפילו אויפן זיבעטן הימל.

מיט דעם הומאָריסט זיינען מיר ניט אַלעמאָל זיכער, צי ער מיינט דעם אמת אָדער צי איז ער אויסן דעם וויץ.

קיינער ווערט ניט אַזוי פאַלש פאַרשטאַנען ווי דער הומאָריסט. דאָס באַווייזט דעם טעות פון דער וועלט, וואָס האַלט אים פאַר — אַן אָפּטימיסט.

גרויסע הומאָריסטן וואָס מאַכן די וועלט לאַכן ביז טרערן, שרייבן מיט טרערן.

הומאָריסטן זיינען מערסטנס די, וועלכע ליידן אַממערסטן.

דאָס לעכערלעכע ליגט פון אויבן אָפן; דאָס טראַגישע — אינערלעך באַהאַלטן. דעריבער מוז דער הומאָריסט זיין אַ גוטער באַאָבאַכטער דאָס אָפענע צו באַמערקן און דער טראַגיקער — אַ גוטער פסיכאָלאָג דאָס באַהאַלטענע אַרויסצוברענגען.

דער אמתער הומאָריסט האָט טאַלאַנט ניט נאָר צו מאַכן לאַכן, נאָר אויך צו וויינען.

אַ הומאָריסט דאַרף אַריינדרינגען אין די פסיכאָלאָגישע באַגריפן פון די מאַסן, אָבער ניט קיצלען זייערע רויע אינסטינקטן.

דער טראַגיקער וויינט אויס די מענטשלעכע ליידן; דער הומאָריסט — לאַכט זיי אויס.

דער טראַגיקער זוכט צו דערטרינקען די מענטשלעכע ליידן אין טרערן; דער הומאָריסט זוכט זיי מבטל צו מאַכן מיט געלעכטער.

עס איז שווער צו זיין אַ פּאָעט און א הומאָריסט צוזאַמען, ווייל די פּאָעזיע איז צו נאַיוו און נאַריש פאַר דעם הומאָריסט און הומאָר איז צו סאַרקאַסטיש און ציניש פאַר דעם פּאָעט.

ווען די וועלט איז קראַנק און דאָס לעבן ווייטיקט, דאַן קומט דער גוטער הומאָריסט און לאַכט אויס די ליידן, מאַכט אונדז אין זיי פאַרגעסן.

אַז אויך אַ הומאָריסט קאָן זיין אַ נאַר, וועט עס צוגעבן יעדער הומאָריסט — אויף דעם צווייטן הומאָריסט.

אויך דער הומאָריסט איז אַ קינסטלער אין זיין ווינקל. הייבט ער

אָבער אָן קלעטערן אויף די טרעפּ פון ערנסטער קריטיק אָדער אַראָפּנידערן צו קיבעץ, דאַן ווערט ער לעכערלעך צום אויסלאַכן.

אַ הומאָריסט, ווי גוט ער זאָל ניט זיין, קוים בייטיקט ער זיך אין פירושים, בלייבט ער פאַר אונדז — אַ פּרוש.

דער אמתער הומאָריסט איז באמת אַ טראַגיקער, וואָס וויינט מיט געלעכטער.

## הונט

דעם הונט קענט איר אַפילו אין בית־המקדש אריינלאָזן. ער וועט בילן — אויף אַלע הייליקייטן.

בילן איז ניט נאָר די נאַטור פונעם הונט, נאָר אויך זיין אויפ־גאַבע. מיט דעם פאַרדינט ער זיין שטיקל ברויט.

דער הונט וואָס איז שלעכט צום פרעמדן, איז גוט פאַר זיין בעל־הבית.

אַ הונט בילט ניט אויף זיך אַליין.

אַ גוטער הונט איז ניט דער וואָס קען שטאַרקער בילן, נאָר דער וואָס ווייס אויף וועמען אַנצופאַלן.

אַ בייזער הונט בילט אַפילו ווען ער איז זאַט און בייסט אַפילו ווען מ׳גלעט אים.

ווען דער הונט וואָלט אַנשטאָט בילן געקענט זינגען, וואָלט ער געביסן — זינגענדיק.

מיט אַ ביין קען מען מאַכן אַז דער הונט זאָל נאָכלויפן; מיט אַ שטעקן — ער זאָל אַנטלויפן.

דער געפערלעכסטער הונט איז דער וואָס בייסט — שווייגנדיק.

ס׳איז לייכטער צופרידנצושטעלן אַ הונט ווי אַ מענטשן.

## הייליק

דאָס לעבן איז הייליקער פון אַלע הייליקייטן. דאָס פאָלק איז וויכטיקער פון אַלע טראַדיציעס.

# היים

ווען די אייגענע היים איז קיין היים ניט, פילט מען זיך אין איר ערגער ווי אין דער פרעמד.

פילן זיך היימיש מיינט נאָך ניט זיין היימיש.

אַן אייגענע היים קען אויך זיין אַ גיהנום.

פאַר דעם היימלאָזן איז די גאַנצע וועלט זיין היים.

גאַסטפריינדלעכקייט קען נאָר מאַכן פילן גוט, אָבער ניט היימיש.

אַן אייגענע היים מוז געבויט ווערן מיט אייגענע הענט.

די גאַסטפריינדלעכסטע היים אין דער פרעמד האָט ניט די אינטימע היימישקייט פון אַן אייגענער היים.

ס'איז אונדז ליב די היים, ווען ס'איז אונדז שלעכט אין דער פרעמד.

# הייראַט

ליבע איז אַ סוד וואָס ווערט אויפגעלייזט פון הייראַט.

ליבע איז אַ שווערע קראַנקייט; הייראַט — אַ טייערער דאָקטאָר און דער איינציקער דאָקטאָר.

הייראַט קען קומען דורך ליבע, אָבער ניט ליבע דורך הייראַט.

ליבע צילט זיך צו פאַרבינדן מיט הייראַט; הייראַט צווינגט זיך צו פאַרבינדן מיט פליכטן.

ווו הייראַט איז אַ געשעפט, דאָרט איז ליבע אַן אומזיכערער וועקסל.

אָן ליבע איז הייראַט אַ גיהנום, אָבער ליבע אַליין מאַכט ניט די הייראַט פאַר אַ גן־עדן.

ליבע איז פאַראינטערעסירט אין שיינקייט; הייראַט — אין געטריישאַפט.

# הילף

די גרעסטע הילף וואָס מיר קענען געבן אַ צווייטן איז אים צו העלפן, אַז ער זאָל זיך קענען אַליין העלפן.

ס'איז לייכטער צו העלפן דעם וואָס קאָן זיך ניט העלפן, ווי דעם וואָס וויל זיך ניט העלפן.

מיטגעפיל אָן מיטהילף איז ווי אַ טשעק אָן אַן אונטערשריפט.

ווער עס וויל מ'זאָל אים העלפן, דער דאַרף אויך וועלן דעם אַנדערן העלפן.

מיטגעפיל איז ניט קיין מיטהילף, רחמנות — ניט קיין טרייסט.

אָן זעלבסטהילף איז ניטאָ קיין מיטהילף.

קיינער וויל ניט העלפן דעם, וואָס שטייט אַליין אָן אַ זייט, ווי אַ צוקוקער.

# הימל

סיי דער רעליגיעז גלויביקער און סיי דער אַסטראָנאָמיקער האַלטן זייערע אויגן צום הימל געווענדט, מיט דעם אונטערשייד: דער ערשטער גלאָצט מיט די אויגן און דער צווייטער— פאָרשט.

וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צו דער נאַטירלעכקייט פון דער נאַטור, אַלץ מער דערווייטערן מיר זיך פון דער הימלישקייט פון דעם הימל.

וואָס קלערער עס ווערט פאַר אונדז די ערד, אַלץ קלערער ווערט פאַר אונדז דער הימל.

וואָס מער מיר דערנעענטערן זיך צו דער ערד, אַלץ מער דער־ווייטערן מיר זיך פונעם הימל.

וואָס מער מיר באַקענען זיך מיט דער ערד, אַלץ נאָענטער ווערט פאַר אונדז דער הימל.

דער הימל קען אויסקומען אָן דער ערד, אָבער ניט די ערד אָן דעם הימל.

מענטשן רייסן זיך צום הימל ניט דערפאַר, וואָס זיי פאַרהייליקן אים, נאָר דערפאַר וואָס זיי קענען צו אים ניט צוקומען.

# היץ

אַלץ וואָס ווערט פאַרפראָרן פון קעלט, ווערט צעשמאָלצן פון היץ. אָבער ניט אַלץ וואָס ווערט צעשמאָלצן פון היץ ווערט פאַר־פראָרן פון קעלט.

# העלדישקייט

ווען אַ קלוגער וואָגט מיטן לעבן, האַלטן מיר אים פאַר אַ העלד; ווען אַ נאַר וואָגט מיטן לעבן, האַלטן מיר אים פאַר אַ משוגענעם.

אַ העלד איז ניט דער, וואָס באַפאַלט דעם שוואַכערן, נאָר דער וואָס פאַרטיידיקט דעם שוואַכערן.

דער העלד שרעקט זיך ניט אָפּ פאַר די ערשטע דורכפאַלן; דער פּחדן פילט זיך דורכגעפאַלן גלייך ווי ער הייבט אָן זיך שרעקן פאַר זיין דורכפאַל.

דער העלד מעג זיין פון העלדישקייט צופרידן, ווערט ער אָבער פון דער העלדישקייט שיכור, דאַן ווערט ער אויס העלד.

מאַנכע מענטשן זיינען זייער געוואַגט, ניט דערפאַר וואָס זיי באַזיצן פיל מוט און העלדישקייט, נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט וואָס צו פאַרלירן אָדער האָבן ניט קיין שכל די געפאַר צו באַגרייפן.

קריכן אין פייער צוליב העלדישקייט איז משוגעת.

# העפלעכקייט

העפלעכקייט און פריינדשאַפט איז ווי שמייכל און געלעכטער.

העפלעכע באַהאַנדלונג איז די אַנדערע העלפט פון ערלעכער באַהאַנדלונג.

העפלעכע באַהאַנדלונג האָט ביי געשעפט ניט קיין קלענערן ווערט ווי ערלעכע באַהאַנדלונג.

העפלעכקייט איז אַמאָל דער שפּיגל פון פריינדלעכקייט, און אַמאָל דער פאַרהאַנג פון פאַלשקייט.

העפלעכקייט איז אַמאָל די אָפּשפּיגלונג פון פריינדשאַפט און אַמאָל — די פאַרמאַסקירונג פון פיינטשאַפט.

העפלעכקייט איז דער פענצטער פון פריינדלעכקייט, פריינדלעכ־קייט — פון גוטסקייט.

אמתע העפלעכקייט באַשטייט פון צוויי טיילן: רעספּעקט און פריינדלעכקייט.

העפלעכקייט קאָסט קיין געלט ניט, עס האָט אָבער אַמאָל דעם ווערט פיל מער ווי געלט.

## הערשער

גראָד די וואָס קענען זייער שטיקל „איך" ניט באַהערשן, ווי'לן באַצווינגען די וועלט.

ווער עס באַזיצט די מאַכט צו הערשן, דער גלויבט, אַז ער איז צו דעם באַרעכטיקט.

גראָד די, וואָס זיינען צו שוואַך זיך אַליין צו באַהערשן, ווי'לן איבער דעם אַנדערן געוועלטיקן.

ווער ס'רייסט זיך צו הערשאַפט, דעם איז ניט צו געטרויען קיין אויבערמאַכט.

גרויזאַמע הערשער זיינען דאָרט שטאַרק מיט זייערע טראָנען, ווו דאָס נעבעכדיקע פאָלק איז שוואַך אין פאַרשטאַנד.

הערשאַפט איז גוט, ווען עס ליגט אין גוטע הענט. דאָך מעג פאַרשקלאַפט ווערן די בעסטע האַנט, וואָס וויל זיך באַנוצן מיט דעם.

בלוט איז דער וויין פון טיראַנען און דעספּאָטן.

די שווערד איז דער אַוואַנגאַרד פון טיראַנען און דעספּאָטן.

דער וואָס מאַכט די שווערד פאַר אַ ריכטער, ווערט ענדלעך אַליין פון איר געקעפּט.

ס'איז לייכטער די וועלט צו באַזיגן, ווי זיך צו באַהערשן.

ווער ס'האָט די קראַפט זיך צו באַהערשן, האָט דעם פאַרצוג די וועלט צו געווינען.

אַ דיקטאַטאָר קען דערמאָרדן די גרעסטע מענטשן, ער קען אָבער ניט פאַרמינערן זייער גרויסקייט אין דער געשיכטע.

באַרבאַריזם איז באַרבאַריזם אַפילו ווען עס איז אָנגעטאָן אין אַ מאַנטל פון ספּאָרט.

ד.

## וואַסער

אַ וואַסער וואָס האָט ניט קיין קוואַלן ווערט מיט דער צייט אויסגעטריקנט.

אַ קוואַל קאָן מען פאַרשיטן, אָבער ניט אויסטריקענען.

שטראָמיק וואַסער און אומבאַוועגלעך וואַסער זיינען ביידע געפערלעך. דאָס ערשטע קאָן דערטרינקען און דאָס צווייטע פאַרפעסטן.

ווען קלאָר קוואַל־וואַסער טרעפט זיך צוזאַמען מיט שמוציק וואַסער, זיגט דאָס לעצטע.

דער בעסטער מיטל צו שטילן אויפרעגונג איז צו טרינקען קאַלט וואַסער אָדער צו ווערן אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

## וואָרט

אַ גוט וואָרט איז אַ קלוג וואָרט, וואָס ווערט גוטמוטיק אַרויסגעזאָגט, און ווען מען פעררזענלעך ווייַ צו טאָן.

אַ פאַלשער טאָן קאָן דערהרגענען די בעסטע פאַנטאַזיע; אַ פאַלש וואָרט — דעם בעסטן געדאַנק.

ניט־דערזאָגטע ווערטער זאָגן אָפט מער ווי גאַנצע רעדעס.

דאָס וואָרט איז דאָס בלוט פון דער שפּראַך; ווען אַ שפּראַך קריגט ניט צו קיין בלוט פון אַנדערע שפּראַכן, איז זי פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג.

דער טאָן איז דאָס בלוט פון דעם וואָרט; דער געדאַנק — די נשמה.

שיינע ווערטער רופן אַרויס באַוווּנדערונג; שטאַרקע ווער־טער — באַגייסטערונג.

אַ קלוג וואָרט איז קלוג צו דער צייט; אַ גוט וואָרט איז גוט אין אַלע צייטן.

צו קענען זאָגן אַ גוט וואָרט דאַרף מען ניט זיין גוט, נאָר — קלוג.

אַ גרויס וואָרט לאָזט זיך דרשענען און מפלפל זיין.

אויב אַ וואָרט גיט ניט צו מער קלאָרקייט אָדער שיינקייט, איז עס איבעריק.

אַ גוט וואָרט איז דאַן גוט, ווען עס איז גוט סיי אַלס משל און סיי אַלס נמשל.

אויך געדאַנקען ריידן מיט ווערטער, אָבער אַן די קלאַנגען פון ווערטער.

אַ גרויס וואָרט גייט ניט אַריבער אָן ווירקונג און אַן אמת וואָרט לאָזט ניט איבער קיין צווייפל.

ווי קלוג אַ וואָרט זאָל ניט זיין, קוים קען מען מיט אים זיך ניט באַניצן, זאָגט עס גאָרניט.

די נשמה פון וואָרט איז דער זין פון וואָרט.

איינער קלינגט מיט גרויסע ווערטער, אַ צווייטער שיינט מיט גרויסע מעשים.

וועמען מען קען גלויבן אויפן וואָרט, דער גיט ניט אַזוי לייכט זיין וואָרט.

ווערטער וואָס מיינען גאָרניט, העלפט ניט דאָס פינטלען — ניט מיט דער פעדער און ניט מיט די אויגן.

אַן איבעריק וואָרט איז אַ נאַריש וואָרט, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון אַ קלוג וואָרט.

דאָס פרייע וואָרט האָט נאָר דאַן אַ ווערט ווען עס ווערט אַרויסגעזאָגט מיט קלוגשאַפט און ערלעכקייט.

ווער עס ציילט זיינע ווערטער, דער קלייבט זיינע ווערטער.

דאָס שוואַכסטע וואָרט צו דער צייט איז שטאַרקער ווי דאָס שטאַרקסטע וואָרט נאָך דער צייט.

אַ וואָרט מוז האָבן אַ זין, אַן אידעאַל — אַ פּרינציפּ, און אַ טאַט — אַ צוועק.

## וואַרעמקייט

אמת, די זון שיינט פאַר אַלעמען גלייך, אָבער ניט אַלע קענען גלייך זיך וואַרעמען אונטער איר.

ווען מען נייטיקט זיך אין אַ וואַרעמען איווון, קוקט מען ניט אויף זיין אויסזען.

ווו ס'איז דאָ וואַרעמקייט, דאָרט איז דאָ פייער.

וואַרעמקייט ווערט קאַלט און פייער ווערט אויסגעלאָשן.

אַז מ'גייט אַרויס פון אַ הייסער באָד, איז אַפילו זומער קאַלט אין דרויסן.

וואָס עס קען ניט שיינען, דאָס קען אויך ניט וואַרעמען.

בלומען וואַקסן אין וואַרעמקייט, ניט אין קעלט.

## ווונדער

מענטשן קענען זיך פאַרדינען צו ווערן באַוווּנדערט, אָבער ניט פאַרגעטערט.

וועלכן ווונדער דער מענטש זאָל ניט שאַפן, איז גרעסער דער ווונדער — דער מענטש אַליין.

אַלץ וואָס איז העכער פון אונדזער שכל רופט ביי אונדז אַרויס רעליגיעזיטעט; אַלץ וואָס איז אוממעגלעך פאַר אונדזערע כוחות, רופט ביי אונדז אַרויס ווונדער.

ס'איז קיין ווונדער ניט, וואָס דער נאַר גלויבט אין ווונדער; ס'איז אָבער יאָ אַ ווונדער ווען אַ חכם גלויבט אין ווונדער.

דער אויסנאָם ווערט באַוווּנדערט; דאָס אויסערגעוויינלעכע — פאַרגעטערט.

עס ליגט מער ווונדער אינעם לעבן פון אַ מילב, ווי אינעם לעבן פון אַ מענטשן.

די נאַטור איז אַזאַ ווונדער וואָס וועט קיינמאָל ניט אויפהערן צו זיין אַ ווונדער.

## ווייטיק

מיר קענען געוויס ניט פילן די פיין פונעם אַנדערן, סיידן מיר ווערן מיט דער זעלבער פּיין אַליין געפּייניקט.

קרעכצן און זיפצן זיינען די שפּראַך פון ליידן און פּיין.

פיזישע שמערצן פילן אַלע, אָבער ניט אַלע פילן גייסטיקע שמערצן.

## ווייַן

ווען דער קאָפּ ווערט פול מיט ווייַן, ווערט ער פּוסט פון פאַרשטאַנד.

אין ווייַן צעגייט גאָלד און זילבער און ווערט דערטרונקען — די מענטשלעכע נשמה.

ווייַן עפנט דאָס מויל, ליבע — דאָס האַרץ, און מוזיק — די נשמה.

ווען מען איז דורשטיק נאָך וואַסער דאַן איז וואַסער טייערער ווי ווייַן.

דאָס ערשטע גלעזל ווייַן טרינקט זיך צום געזונט; דאָס איבע־ריקע — צו קראַנקייט.

ווייַן שליסט אויף דאָס האַרץ און פאַרשליסט — דעם שכל.

## ווילן

פאַרבייטנדיק אָפט די באַגריפלעכע ווערטער פון „ווילן" און „מוזן", פאַרבייטן מיר שוין אויך די ראָלן און פליכטן.

ווילן קאָן פעיקייטן ניט באַשאַפן; ווילן קאָן אָבער פעיקייט אַנטוויקלען.

איינער קאָן ניט, ווייל ער וויל ניט; אַ צווייטער וויל ניט, ווייל ער קאָן ניט.

ווו מ'דאַרף האָבן פעיקייט, דאָרט העלפט ניט קיין ווילן, אָבער ווילן קאָן העלפן צו קריגן פעיקייטן.

פאַר אַ שטאַרקן ווילן עפענען זיך אַלע טירן; פאַר אַ שוואַכן ווילן זיינען פאַרמאַכט אַלע טירן.

פאַר אַ שוואַכן ווילן איז אַ האָר שטאַרק ווי אַ שטריק; פאַר אַ שטאַרקן ווילן איז אַ שטריק שוואַך ווי אַ האָר.

דאָס וויסן וואָס מען וויל, פאַרלייכטערט פיל צו דערגרייכן דעם ציל.

ווען מיינט נאָך ניט קענען, און קענען מיינט נאָך ניט וועלן.

מ׳קען זיך ניט פילן באַרואיקט אַזוי לאַנג ווי מען ווייסט ניט וואָס מען וויל.

ס׳איז דאָפּלט שווערער צו טראָגן דאָס וואָס מען מוז, ווי דאָס וואָס מען וויל.

יעדער ווילן האָט זיינע צילן.

# ווינטשן

כל־זמן מען לעבט, אַזוי לאַנג ווינטשט מען; ווי לאַנג מען ווינטשט, אַזוי לאַנג האָפט מען.

דער העכסטער ווונטש איז צו זיין גלייך מיט דעם אַנדערן; דער נידעריקסטער — צו זיין העכער פאַר דעם אַנדערן.

אַפילו פאַר אַ גאָט איז ניט מעגלעך צו דערפילן אַלעמענס ווונטשן, און ווען דאָס וואָלט יאָ פאַר וועמען מעגלעך געווען, וואָלט ער מיט זיך געהאָט פאַרקערפּערט דאָס ערגסטע פון דער גאַנצער עקזיסטענץ.

שטאַרק ווינטשן ווייזט אָן אויף אַ שטאַרקן כאַראַקטער; פיל ווינטשן — אויף אַ שוואַכן כאַראַקטער.

ווען אַלע ווונטשן וואָלטן דערפילט געוואָרן, וואָלט שוין לאַנג ניט געווען וועמער עס זאָל ווינטשן.

מיר ווינטשן מער וויפל מיר דאַרפן און מיר דאַרפן מער וויפל מיר האָבן.

ווונטש ווערט דערמוטיקט פון האָפענונג; האָפענונג — פון טרייסט.

# וויסן

וויפל מיר ווייסן, ווייסן מיר; וויפל מיר ווייסן ניט, ווייסן מיר ניט.

ניט „וועלן" וויסן איז ערגער פון „ניט" וויסן.

כדי דעם אַנדערן צו לערנען מוז מען וויסן מער פון אים;
כדי דעם אַנדערן צו קריטיקירן דאַרף מען זיין בעסער פון אים.

בילדונג איז די טעאָריע פון וויסן; דערפאַרונג — די פּראַקטיק פון וויסן.

גלויבן, אַז מען ווייסט, איז ערגער ווי וויסן, אַז מען ווייסט ניט.

דער ערגסטער אומוויסנדיקער איז ניט דער, וואָס ווייס ניט, נאָר דער וואָס וויל ניט וויסן.

ווער ס'ווייס וואָס ער ווייס ניט, ווייס מער פון דעם, וואָס ווייס, וואָס ער ווייס.

כדי צו פאַרשטיין די ענדע, מוז מען צוערשט וויסן דעם אָנהייב.

באַגרייפן מיינט האַלב פאַרשטיין; פאַרשטיין מיינט אין גאַנצן וויסן.

וויסן וואָס צו זאָגן געהערט צו בילדונג, ווען צו זאָגן — צו קלוגשאַפט, ווי צו זאָגן — צו טאַלאַנט.

מ'קען וויסן מיט וועמען מ'איז געקומען צוזאַמען, מ'קען אָבער ניט וויסן מיט וועמען מען וועט אַוועקגיין צוזאַמען.

וויסן וואָס מען וויל, מיינט נאָך ניט וויסן וואָס מען דאַרף.

# וויסנשאַפט

די וויסנשאַפט נייטיקט זיך מער אין שכל, די קונסט — אין געפיל.

שווער צו זאָגן, אויב די קונסט האָט פון דער רעליגיע געליטן. די וויסנשאַפט — געוויס.

וויץ איז דער פעפער פון הומאָר; הומאָר — די זאַלץ פון קלוגשאַפט.

די נאַטור־וויסנשאַפט לערנט אונדז ווי די נאַטור־אייגנשאַפטן צו דערקענען; די קונסט — ווי זײַערע אויסדרוקן צו באַמערקן.

די וויסנשאַפט שטעלט זיך ניט צופרידן מיט דער דערפאַרונג און רעזולטאַטן, זי מוז אויך וויסן די אורזאַכן.

די וויסנשאַפט איז דאָס קערפּערלעכע פון דער פילאָזאָפיע; פי־לאָזאָפיע איז דאָס נשמהדיקע פון דער וויסנשאַפט.

די וויסנשאַפט האָט געדולד צו האָפן און וואַרטן, האָט אָבער ניט קיין צוטרוי צו גלויבן.

די נאַטור־וויסנשאַפט איז דאָס רעאַל פּראַקטישסטע קינד פון דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט, וואָס איר אָטעם איז בילדונג און פאָר־שונג, איר נאַרונג — איבונג און דערפאַרונג.

ווי קלוג און וויסנשאַפטלעך פאַרשטאַנד און וויסנשאַפט זאָלן ניט זיין, קענען זיי אָפט ניט דערזען, ניט דערטראַכטן, וואָס פּשוטע, בלינדע צופאַלן טוען זיי אָפט אָנווייזן.

וויסנשאַפט מיינט ניט נאָר וויסן די אייגנשאַפטן און געזעצן פון דער נאַטור, נאָר אויך וויסן ווי זיי צו באַהערשן, ווי זיי אָנצווווענדן צו דינען דער נוצבאַרקייט.

די אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט איז צו פאָרשן, אָבער ניט צו קריטיקירן.

בילדונג זוכט די נאַטור צו דערקענען; וויסנשאַפט — זי צו באַהערשן.

די וויסנשאַפט איז דער איינציקער שליסל צו דער נאַטור; אָבער זי קען אַלע אירע טירן ניט עפענען.

די וויסנשאַפט וועט דאַן דינען דער מענטשהייט, ווען מענטש־לעכקייט וועט הערשן איבער דער וועלט.

די וויסנשאַפט קען קעמפן מיט די געזעצן פון דער נאַטור, אַפילו אויף זיי רעאַגירן, אָבער קען זיי ניט באַזיגן.

די וויסנשאַפט ווערט אינספּירירט פון לעבן צו פאָרשן דאָס לעבן און צו שאַפן פאַר דעם לעבן.

די פילאָזאָפישע וויסנשאַפט איז דער גייסטיקער טייל פון דער

אַלגעמיינער וויסנשאַפט; די נאַטור־וויסנשאַפט איז דער פּראַקטי־שער טייל.

בילדונג און וויסנשאַפט עפענען די טירן פון נאַטור און לעבן מיט דער הילף פון פלייס און געדולד.

האָסטו טאַלאַנט גיי צו דער קונסט; האָסטו שכל גיי צו דער וויסנשאַפט.

בילדונג גיט אונדז אַ באַגריף וועגן דער נאַטור; וויסנשאַפט מאַכט אונדז מיט איר באַקאַנט.

דער געלערנטער איז באַגלויבט מיט דער וויסנשאַפט; די וויסנ־שאַפט — מיט פאַקטן.

וויסנשאַפט איז דער לייכטטורעם פון מענטשלעכן פאָרשן; די פילאָזאָפיע — דער לייכטטורעם פון מענטשלעכן דענקען.

די וויסנשאַפט קאָן נאָר גיין מיט דער נאַטור, אָבער ניט קעגן דער נאַטור.

# וויץ

אַז אַ נאַר דערציילט אַ וויץ, הייבט ער אָן צו לאַכן דער ערש־טער און בלייבט לאַכן דער לעצטער.

אַ וויץ איז נאָך ניט קיין בליץ; אַ גראַם איז נאָך ניט קיין פלאַם.

וויץ איז די נשמה פון הומאָר; הומאָר איז די זאַלץ פון קלוג־שאַפט.

מ׳קאָן זיין דער גרעסטער וויצלינג. ווייסט מען אָבער ניט מיט וועמען צו מאַכן אַ וויץ, איז מען אַ נאַר.

פאַרשטיין אַ וויץ קען אַמאָל אויך אַ נאַר; אָבער קענען צונע־מען אַ וויץ קען נאָר אַ חכם.

אַן אמתער דימענט פאַרלירט ניט זיין גלאַנץ און אַ אמתער וויץ פאַרלירט ניט זיין הומאָר.

אַ וויץ, ווי שאַרף ער זאָל ניט אָנגרייפן, האָט ער אין זיך הו־מאָר, איז ער פאַרגעבלעך.

וואָס מער הומאָר אַ וויץ אַנטהאַלט, אַלץ מער איז ער פאַר־געבלעך.

מ׳קען זיין קלוג וויצן צו שאַפן און דאָך זיין נאַריש זיי צו דערציילן.

קליגער ווערט מען פון וויסנשאַפט, אָבער ניט פון וויצן.

ווער ס׳פאַרשטייט ניט קיין וויץ, דעם זאָל מען ניט דערציילן קיין וויץ; ווער ס׳קען ניט פאַרטראָגן קיין וויץ, מיט דעם זאָל מען ניט מאַכן קיין וויץ.

פון וויצן קען מען קיין חכם ניט ווערן.

ווי גוט אַ וויץ זאָל ניט זיין, קוים האָט ער ניט אין זיך אַ פונק אמת, איז עס נאָר אַ געלונגענע נאַרישקייט.

איינער זאָגט אַ וויץ, וואָס איז צו לאַכן; אַ צווייטער זאָגט אַ וויץ, וואָס איז צו וויינען.

דיזעלבע ווערטער וואָס רופן אַרויס אין אַ וויץ געלעכטער, קענען אין ערנסט מאַכן וויינען.

יעדער האָט ליב אַ וויץ, דער קלוגער און דער נאַר, מיט דעם אונטערשייד: אַ קלוגער האָט ליב אַ קלוגן וויץ און אַ נאַר — אַ נאַרישן וויץ.

אַ גוטער וויץ מאַכט אונדז לאַכן, ווען אַפילו ס׳ווילט זיך אונדז וויינען.

ווער ס׳קען זאָגן אַ וויץ, דער קען פאַרטראָגן אַ וויץ.

אַ קלוגער דערציילט אַ וויץ כדי צו פאַרשפּאָרן אַ גאַנצע רעדע; אַ נאַר האַלט אַ גאַנצע דרשה, כדי צו דערציילן אַ וויץ.

## וועג

אַ פערד קען דעם גרעסטן חכם אַראָפּפירן פון גלייכן וועג.

אַזוי ווי עס איז אַמאָל קרום צו גיין מיט דעם גראָדן וועג, אַזוי איז אַמאָל גראָד צו גיין מיט דעם קרומען וועג.

וועגווייזער האָבן מיר גענוג, זעלטן אָבער צו דער צייט. דעריבער בלאָנדזשען מיר אַזוי אָפט.

דער אומוויסנדיקער ווייס ניט דעם ריכטיקן וועג פון לעבן.

דער שלעכטער וויל ניט גיין אין גוטן וועג פון לעבן.

יעדער וועג איז גלייך, וואָס פירט צום ציל.

ניט יעדער וואָס ווייס דעם גראָדן וועג גייט אינעם גראָדן וועג.

ווען מ׳גייט אויף אַ קרומען וועג, דורכקרייצנדיק אַ גלייכן וועג, דוכט זיך, אַז דער גלייכער וועג איז קרום.

פרעגן אויף דעם גראָדן וועג קענען אַלע. ניט אַלע אָבער קע־נען אָנווייזן דעם גראָדן וועג.

ס׳איז נאַריש צו גיין מיט אַן אומזיכערן וועג, ווען מ׳קאָן גיין מיט אַ זיכערן.

יעדער וועג איז גלייך וואָס פירט צום ציל און יעדער וועג איז לייכט, ווען מ׳ווייס ווו מען גייט.

ס׳איז לייכטער פונעם גראָדן וועג אַראָפּצוגיין ווי אַרויפצוגיין אויף אים.

אויך אַ בלינדער קאָן אַמאָל טרעפן דעם וועג, דאָס מיינט אָבער ניט, אַז מען קאָן אים מאַכן פאַר אַ שליח.

מענטשן וואָס גייען אויף אַלטע אויסגעטראָטענע וועגן, קאָנען ניט געפינען קיין נייע קירצערע וועגן.

ניט נאָר ווענדט זיך אויף וועלכן וועג מ׳גייט, נאָר אויך ווי מ׳גייט.

דער לענגסטער וועג פון מענטשלעכן לעבן איז פון וויגל ביזן קבר; דער קירצסטער וועג — פון לעבן ביזן טויט.

## וועלט

ווי גרויס די וועלט זאָל ניט זיין, קוים וואָלט זי געווען מיט אַ צוים אַרומגעצוימט, וואָלטן מיר זיך געפילט אין איר ווי אין אַ גע־פענגעניש.

אין דעם מענטשנס קלאָגן זיך אויף דער וועלט ליגט אין אמתן די אָנקלאַגע קעגן אים אַליין.

ווער עס העלפט ניט רייניקן די וועלט, דער האָט קיין רעכט ניט זיך צו באַקלאָגן, אַז זי איז שמוציק.

ס׳איז לייכט זיך צו לאָזן פירן פון דער וועלט, ס׳איז אָבער שווער צו פירן די וועלט.

דער אָנהייב פון דער וועלט־באַשאַפונג איז פאַר אונדז ניט וויי־ניקער באַהאַלטן, ווי איר קומענדיקער אונטערגאַנג.

דווקא די וואָס זיינען אַליין שלעכט שרייען אויף די העכסטע טענער, אַז די וועלט איז שלעכט.

כדי בעסער צו מאַכן די וועלט, מוז מען אָנהייבן פון זיך. כדי שענער צו מאַכן דער וועלט, מוז מען אָנהייבן פון דער נאַטור.

כדי זיך צו באַקענען מיט דער וועלט, מוז מען וואַנדערן אי־בער דער וועלט. כדי צו קענען דאָס לעבן, מוז מען שטודירן דאָס לעבן.

דורכגיין די וועלט מיינט נאָך ניט קענען די וועלט.

ווער ס'האָט עפּעס גוטס צו זאָגן דער וועלט, דער ווערט צום גוטן דערמאָנט פון דער וועלט.

מיר זיינען מער באַמיטלט די וועלט שענער צו מאַכן, ווי בע־סער צו מאַכן.

אויב דו האָסט ניט די מעגלעכקייט צו טאָן גוטס דער וועלט, היט זיך כאָטש איר קיין שלעכטס ניט צו טאָן.

די וועלט וואָלט ניט געווען אַזוי ענג ווען די מענטשן וואָלטן ניט געווען אַזוי קליין.

די וועלט איז ניט געשאַפן געוואָרן אין איין טאָג און זי קאָן ניט אומגעבראַכט ווערן אין איין טאָג.

קיינער קען די וועלט ניט פאַרכאַפּן; די וועלט געהערט צו דער וועלט.

די וועלט איז קיינמאָל ניט יונג און קיינמאָל ניט אַלט.

„יעדער מענטש איז אַ באַזונדערע וועלט" — גלויבט די וועלט. אָבער באַזונדערע וועלטן קען מען ניט אויסגלייכן ווי איין וועלט.

מענטשן, וועמען די וועלט איז ענג, זיינען אין אמתן די, וואָס מאַכן די וועלט ענג.

די וועלט קאָן ניט עקזיסטירן אָן געזעצלעכקייט און קאָן ניט גליקלעך זיין אָן האַרמאָניע.

די וועלט איז ניט שולדיק אין די צרות פון דעם רכילותניק, נאָר — זיין שלעכטע צונג.

גרויסע מענטשן ווילן ווערן גרעסער צו קענען בעסער זען ווי בעסער צו מאַכן די וועלט. קליינע מענטשן ווילן ווערן גרעסער, כדי צו קענען בעסער איינשלינגען די וועלט.

## ז.

### זאָרגן

זאָרגן פאַר זיך איז נאַטירלעך. זאָרגן אויך פאַר אַ צווייטן איז מענטשלעך. זאָרגן אָבער בלויז פאַרן אַנדערן איז האַלב אידעאַל און האַלב נאַרישקייט.

### זון

לייכטן ביי נאַכט קען אַפילו אַ לבנה, אָבער לייכטן בייטאָג — דאָס קען נאָר אַ זון.

די זון איז די געטין פון ליכט און לוסט. די לבנה — פון טרוים און בענקשאַפט.

מען קען פון דער זונליכט זיך אויסבאַהאַלטן, מען קען אָבער ניט מאַכן זי זאָל אויפהערן שיינען.

ווען די זון וואָלט געשיינט פאַר געלט, וואָלט שוין די גאַנצע וועלט געווען ביי איר פאַרמשכנט.

איינעם וואַרעמט די זון, אַ צווייטן ברענט די זון.

די ערד פרעגט ניט ווער עס טרעט אויף איר, און די זון — ווער עס וואַרעמט זיך אונטער איר.

די זון דאַרף ניט קיין ליכט, די רויז דאַרף ניט קיין פאַרב און האָניק דאַרף ניט קיין צוקער.

ווען מענטשן וואָלטן געהאַט אַ דעה איבער דער זון, וואָלט זי שוין לאַנג פינצטער געוואָרן.

קעגן דער זון קאָנען ליכט ניט לייכטן.

## זיכערקייט

זיכערקייט איז די קראַפט פון געדולד. אומזיכערקייט איז די שוואַכקייט פון אומגעדולד.

דער שטאַרקער שווייגט פון זיכערקייט. דער שוואַכער שרייט פאַר מורא.

זיכערקייט מאַכט גליקלעך. ליבע — צערטלעך.

זיכערקייט גלויבט ניט אין גלויבן. גלויבן איז זיכער אין זיך.

פאַרזיכטיקייט איז אַן אויסדרוק פון זיכערקייט, אָבער ניט פון שרעק.

צופיל זיכערקייט פירט צו אומזיכערקייט.

זיכערקייט שטייט אויף אייגענע פיס. זעלבסטשטענדיקייט דאַרף זיך אַן קיינעם ניט אָנהאַלטן.

מיט סברות און השערות גייט זיכערקייט ווי מיט שטאָלצן.

פאַרלירט אַ מענטש דעם צוטרוי צו מענטשן, פאַרלירט ער די זיכערקייט ביי זיך.

צופיל זיכערקייט האָט דעם חסרון, וואָס זי פאַרלירט די פאַר־זיכט זיך צו היטן פון געפאַר.

זיכערקייט איז אָפט קורצזיכטיק.

זיכערקייט זעט ניט קיין געפאַר, אָפילו ווען זי ליגט ביי די פיס.

אָן זיכערקייט איז ניטאָ קיין רו און אָן רו איז ניטאָ קיין גליק.

## זינד

ברענגען דעם אַנדערן פאַר אַ קרבן לייזט ניט אויס די אייגענע זינד, נאָר פאַרטאָפּלט די זינד.

ווען אַ זינדיקער וויל באמת אויסלייזן זיינע זינד, דאַרף ער ברענגען זיך אַליין פאַר אַ קרבן, אָבער ניט דעם אַנדערן.

לייכטזיניקייט איז ניט קיין זינד, זי פירט אָבער צו זינד.

## זכרון

ניט אַלעמאָל איז גוט אַ גוטער זכרון און ניט אַלעמאָל איז שלעכט אַ שלעכטער זכרון.

די צרה איז מיט אַ שלעכטן זכרון, וואָס מען פאַרגעסט, אַז מען האָט אַ שלעכטן זכרון.

זכרונות זיינען שריפטלעכע מצבות פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אַ שלעכטער זכרון טאָר זיך ניט געטרויען; אַ גוטער זכרון דאַרף זיך ניט געטרויען.

אַז מען פאַרלירט דעם זכרון, קען מען ניט געדענקען ווען מ׳האָט אים פאַרלאָרן.

אַ גוטער זכרון איז אַזאַ שאַצקאַמער וואָס איז זיכער פון אַלע גנבים.

## זשורנאַליסטן

דער בעלעטריסט שווימט אין די שטילע טיפענישן פון לעבן. דער זשורנאַליסט וואַרפט זיך אין זיינע רוישנדיקע כוואַליעס.

דער זשורנאַליסט רעאַגירט אויף די געזעלשאַפטלעכע קאָנפליקטן, דער בעלעטריסט מאָלט זיי.

# ח.

## חוה

עס איז צו גלויבן, אַז חוה איז דווקא ניט געווען קיין שיינע. ווען זי וואָלט עס יאָ געווען, וואָלט גאָט בלויז אָדמען אַליין אַרויסגעטריבן פון גן־עדן.

צוליב חוהן האָט מען אויך אָדמען אַרויסגעטריבן פון גן־עדן. דערפאַר אָבער האָט אָדם צוליב חוהן דעם גן־עדן דערקענט.

## חוצפה

חוצפה איז די קראַפט פון שוואַכן און די חכמה פון נאַר.

אויך חוצפה קען זיין אַ מעלה ווען מען ווייס ווו און ווען מיט איר זיך צו באַנוצן.

מוט מיט חוצפה איז ניט צו פאַרגלייכן. חוצפה גיט נאָר אַ פּאָר שפּרונג און בלייבט שטיין. מוט שפּרינגט ניט, דערפאַר אָבער גייט זי מיט זיכערקייט פאָרויס.

חוצפה איז די פּסולת פון מוט.

חוצפה איז די מוט פון אַ שוואַכן כאַראַקטער. מוט איז די העלדישקייט פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער.

חוצפה איז נאַרישע מוט; עקשנות — נאַרישע געדולד.

אַ חצוף איז אַ נאַרישער העלד וואָס דענקט, אַז מיט חוצפה קען מען באַזיגן די וועלט.

## חזקה

חזקה איז אַ טראַדיציאָנעלע אייגנטום־רעכט, געכשרטע געזעצ־לעכקייט, אָבער ניט פונדאַמענטאַלע, פאַרדינטע באַרעכטיקונג.

## חיה

די ערגסטע חיה קען מען גוט און אומשעדלעך מאַכן מיט פריינדשאַפט און צוגעוווינהייט.

צוזעענדיק ווי מענטשן באַגייען זיך איינער מיט דעם צווייטן, איז „חיה" גאָרניט אַזאַ זידלוואָרט, ווי מענטשן דענקען.

איז דער מענטש גוט, איז ער בעסער פון דער חיה. איז דער מענטש שלעכט, איז ער ערגער פון דער חיה.

ערגער פון דער הויז־חיה איז די וואַלד־חיה און ערגער פון דער וואַלד־חיה איז די מענטש־חיה.

דאָס לעבן איז צו קורץ און צו וויכטיק, אַז מיר זאָלן קענען ווען עס איז זיך פאַרגינען צו לעבן זאָרגלאָז, ווי אַ בהמה.

מעג דער לייב זיין דער קעניג פון אַלע חיות, צרות אָבער קען אים אָנטאָן אַפילו אַ פליג.

מענטשן וואָלטן זיך געלעבט גאָרניט שלעכט, ווען זיי וואָלטן געלעבט ווי מענטשן און זיך געהאַלטן פאַר מענטשן. די צרה איז אָבער וואָס מענטשן האַלטן זיך פאַר מלאכים און לעבן ווי חיות.

אויב בהמות זיינען גליקלעכער פון אונדז מענטשן, איז עס דערפאַר, וואָס זיי זיינען — בהמות.

כדי צו זיין אַ חזיר, דאַרף מען ניט האָבן פיר פיס. דאָס קען מען זיין אַפילו ווען מ׳איז צווייפיסיק.

אַ חיה קאָן קיין מענטש ניט ווערן, אָבער אַ מענטש קען יאָ ווערן אַ חיה.

אַ בהמה איז אַ בהמה, אפילו אין אַ פּאַלאַץ.

אַ סך מענטשן באַווייזן מיט זייער אייגענעם ביישפּיל, אַז כדי צו זיין אַ חיה דאַרף מען גאָרניט געבאָרן ווערן פון חיות.

ס׳זיינען דאָ מענטשן־בהמות און מענטשן־חיות, אָבער מענטשן־מלאכים זיינען ניטאָ.

בעסער צו לעבן צווישן ווילדע חיות ווי צווישן ווילדע מענטשן.

מ׳קען זיך ראַטעווען פון וואַלד־חיות — אין שטאָט, מ׳קען זיך אָבער ניט ראַטעווען פון שטאָט־חיות — אַפילו אין וואַלד.

ווען די חיה וואָלט געקאָנט ריידן, וואָלט זי אפשר אויך געהאָט זיך באַרימט, אַז זי איז די בעסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט.

## חכם

מ׳קען זיין אַ חכם מיטן קאָפּ און דאָך זיין אַ נאַר מיט די הענט און פיס.

יעדער האַלט זיך פאַר אַ חכם כל־זמן ער זעט ניט פאַר זיך קיין קליגערן. דעריבער האַלט זיך דער נאַר אַלעמאָל פאַר אַ חכם.

אַ קלוגער איז מקנא קלוגשאַפט; אַ נאַר — נאַרישקייט.

אַ האַלבער חכם איז אַ האַלבער נאַר. אַ האַלבער נאַר איז אַ פערטל חכם און אַ פערטל משוגענער.

פון דעם חכם ווערט מען קליגער. פון דעם נאַר — פּראַקטישער.

צו האָבן מזל דאַרף מען ניט זיין קיין חכם. מ׳דאַרף אָבער יאָ זיין אַ חכם צו וויסן ווי אומצוגיין מיט מזל.

וו עס איז צו טרעפן איין חכם דאָרט איז צו טרעפן ניין און ניינציק נאַראָנים, וואָס יעדער פון זיי דענקט, אַז ער איז דער הונדערטסטער חכם.

אַ קלוגער קען אַפילו דעם טייוול איינשפּאַנען צום גוטן. דער גרעסטער חכם אָבער קען גאָרניט מאַכן מיט אַ נאַר.

אַ קלוגער קען מאַכן פון בלאָטע גאָלד. אַ נאַר — פון גאָלד בלאָטע.

דער גרעסטער חכם קען ניט זיין אַלעמאָל אַ חכם.

ווער עס איז גענוג קלוג אויסצופּאָלגן אַ קלוגע עצה, דער קען זיך שוין אַליין געבן אַ קלוגע עצה.

אַ חכם בייגט זיך פאַר זיין פאַרשטאַנד. אַ נאַר — פאַר זיין ווילן.

דער חכם ווערט פון דעם אַנדערן קליגער. דער נאַר — נאַרי־שער.

פאַרשטאַנד איז די קראַפט פונעם חכם; קראַפט איז דער פאַר־שטאַנד פונעם נאַר.

דער נאַר מעג זיך זיין אַ נאַר, אָבער פאַר דעם חכם קען ער זיין דער קליגסטער ביישפּיל.

מ׳דאַרף ניט זיין קיין גרויסער חכם צו דערקענען אַ נאַר. מ׳דאַרף אָבער יאָ זיין אַ חכם צו קענען אויסקומען מיט אַ נאַר.

ווו מ׳דאַרף קיין שכל ניט האָבן, דאָרט קען דער נאַר אַמאָל האַנדלען קליגער פונעם חכם.

דער חכם איז באמת אויסן צו העלפן דעם נאַר. די צרה איז נאַר, וואָס דער נאַר האַלט אים פאַר אַ שונא.

אַרום יעדן צדיק שטייען הונדערטער רשעים. אַרום יעדן חכם — הונדערטער נאַראָנים.

צופאַל קען מאַכן אַ חכם פאַר אַ נאַר און אַ נאַר — פאַר אַ חכם.

אַ חכם פאַרשטייט די צייט; אַ העלד רעוואָלוציאָניזירט די צייט און אַ גדול פירט די צייט.

אַ קלוגער קען צונעמען גוטמוטיק אַ קיבעץ, אָבער ניט קיין באַליידיקונג.

חכמה וואָלט מער געשעצט געוואָרן ווען יעדער וואָלט ניט גע־גלויבט, אַז ער איז אַ חכם.

קנאה איז די גרעסטע מעלה פונעם חכם און דער גרעסטער חסרון פונעם נאַר, ווייל דער חכם איז מקנא חכמה און דער נאַר — נאַרישקייט.

פרעגן אַן עצה קען אויך אַ נאַר, אָבער געבן אַן עצה קען נאָר אַ קלוגער.

אַ גרויסער חכם אָדער אַ גרויסער נאַר קען מען זיין אַפילו ווען מען איז אַ קאַרליק.

אַ געלערנטער איז נאָך ניט קיין חכם; אַ בקי איז נאָך ניט קיין חריף.

אַ קינסטלער געפינט שיינקייט אַפילו אין מיאוסקייט. אַ חכם געפינט קלוגשאַפט אַפילו אין נאַרישקייט.

כוח נייטיקט זיך מער אין „מוח", ווי מוח — אין „כוח".

אַ קלוגער גלויבט ווי ער פאַרשטייט. אַ נאַר גלויבט וואָס מען זאָגט אים.

דער וואָס איז שוין באַרימט פאַר אַ חכם ווערט שוין אויך פאַר נאַרישקייט אַפּלאָדירט.

אויב דער אַנדערער איז נאַרישער פאַר דיר, מיינט עס נאָך ניט, אַז דו ביסט אַ חכם.

דער גרעסטער נאַר איז דער וואָס מיינט אַז ער איז אַ חכם.

דער קלוגער עם־הארץ שווייגט כאָטש צווישן למדנים. דער נאַ־רישער עם־הארץ אָבער האַלט אין איין פּלאַפּלען מיט תורה.

עס איז ניט קיין גרויסע חכמה איבערצוגעבן אַ חכמה פון אַ חכם. עס איז אָבער אַ גרויסע נאַרישקייט איבערצוזאָגן אַ נאַריש־קייט פון אַ נאַר.

אַ גוטע עצה איז גוט פאַר אַ קלוגן, אָבער ניט פאַר אַ נאַר.

ווען אַ קלוגער איז אומוויסנדיק, פאַרדעקט ער עס מיט זיין שווייגן.

## חלומות

טרוימעריי איז דאָס ביסעלע זיסקייט פון דער ביטערער ווירקלעכקייט.

טרוימען איז גאָרניט אַזוי שלעכט, אויב מען האַנדלט ניט ווי אַ טרוימער.

וואָס שייך חלומות, קען אַפילו אַ קלאָרן זיך חלומען משוגעת.

פאַר חלומות און פאַנטאַזיעס איז ניטאָ קיין גרענעץ און קיין אוממעגלעכקייט.

פאַנטאַזיעס זיינען וואַכנדיקע חלומות. חלומות — שלאָפנדיקע פאַנטאַזיעס.

אמת, חלומות זיינען הפקרדיק ווי דער ווינט. דאָך שפּיגלען זיי פּסיכיש אָפּ דאָס וואָס דער מענטש פילט און דענקט.

חלומות איז ניט צו גלויבן, דערפאַר קענען זיי ניט אַנטוישן.

אַ גוטן מענטשן חלומען זיך גוטע חלומות. אַ שלעכטן מענטשן — שלעכטע חלומות.

## חן

חן איז דאָס שענסטע פון שיינקייט.

אָן חן איז מען ניט שיין.

## חניפה

חניפה איז די פריינדלעכקייט פון שקר.

חניפה מאַכט פריינדשאַפט ניט הייסער, נאָר קעלטער.

די פאַלשקייט פון חניפה איז לייכט צו דערקענען, אָבער קיינער וויל ניט דערקענען איר פאַלשקייט.

חניפה איז קליינלעך, דאָך שפּילט זי אַ גרויסע ראָלע.

## חסרונות

צוליב חסרונות מוזן מיר אָפט אַרונטערלאָזן מעלות. צוליב מעלות מוזן מיר אָפט פאַרקוקן חסרונות.

ווער עס פרייט זיך מיט יענעמס מעלות, דעם טוען וויי יענעמס

חסרונות. ווען מען עס טוען ווי יענעמס מעלות, דער פרייט זיך מיט יענעמס חסרונות.

וואָס מער אונדזערע שונאים גריבלען זיך אין אונדזערע חסרונות אַלץ מער באַווייזן זיי מיט דעם, אַז מיר האָבן מעלות.

צייט און אומשטאַנד מאַכן פון מעלות — חסרונות און פון חסרונות — מעלות.

שנאה זעט חסרונות צען מאָל אַזוי גרויס און מעלות — צען מאָל אַזוי קליין.

עס איז לייכטער צו מאַכן פון אַ מעלה אַ חסרון, ווי פון אַ חסרון אַ מעלה.

זוכן חסרונות ביים „אַנדערן" איז אַ חסרון; אין „זיך" — אַ מעלה.

## חשבון

ווען דער חשבון איז ריכטיק מיינט נאָך ניט, אַז מ'האָט גע־האַנדלט ריכטיק.

חשבונות קען מען האָבן מיט אַ לעבעדיקן, אָבער ניט מיט אַ טויטן.

לעבן מיט אַ חשבון מאַכט נאָך ניט רייך און אַ ריכטיקער חשבון צאָלט נאָך ניט קיין חובות.

ווער עס לעבט מיט אַ חשבון, דעם רייסט מען ניט אָפּ די פּאָלעס.

## חתונה

ביז דער חתונה איז דער ערשטער טייל פון לעבן. נאָך דער חתונה — דער צווייטער טייל.

אַ זילבערנע חתונה איז דער ערשטער קלונג. אַ גאָלדענע חתו־נה — דער צווייטער קלונג און אַ דימענטענע חתונה איז דער דריי־טער קלונג..

„ליבע איז בלינד", זאָגט די וועלט. אָבער ביז צו דער חתונה.

איינער גייט צו אַ חתונה צוליב חתן־כלה. אַ צווייטער צוליב די מחותנים. אַ דריטער, צוליב די כלי־זמר און אַ פערטער — צוליב דער חופּה־וועטשערע.

# ט.

## טאַלאַנט

לאָגיק איז די נשמה פון קלוגשאַפט; קונסט — פון טאַלאַנט.

טאַלאַנט נייטיקט זיך אין שכל, אָבער טאַלאַנט צו באַזיצן האָט ניט פיל צו טאָן מיט שכל.

מ'קען ניט ווערן קיין מאָלער אָן צו מאָלן. ס'העלפט אָבער ניט דאָס מאָלן ווען מ'האָט ניט קיין טאַלאַנט.

פאַר טאַלאַנטלאָזיקייט איז יעדע טעמע אַלט; פאַר דעם קינסטלער איז יעדע טעמע ניי.

קונסט האָט די עטישע, מאָראַלישע פרייהייט אויסצוטאָן נאַקעט אַלץ און אַלעמען, ווען זי אַליין איז געגנוג אָנגעטאָן — מיט טאַלאַנט.

טאַלאַנט מוז באַזיצן פעיקייט, פּראַקטיק און בילדונג.

קונסט מוז אָנקומען צו טאַלאַנט. טאַלאַנט — צו זיך אַליין.

אין קונסט ליגט טאַלאַנט. אין טאַלאַנט — אָריגינאַליטעט.

בילדונג אָן טאַלאַנט איז ווי אַ שיינע פרוי אָן חן. טאַלאַנט אָן בילדונג איז ווי אַ חנעוודיק מיידל אָן דערציונג.

השפּעה קען ווירקן אויף טאַלאַנט, אָבער ניט אויף טאַלאַנטלאָזיקייט.

טאַלאַנט איז מער צו באַוואונדערן. בילדונג איז מער צו געטרויען.

דער טאַלאַנטירטער נייטיקט זיך אין קריטיק צוליב דערמוטיקונג; דער טאַלאַנטלאָזער — כדי ער זאָל וויסן, אַז ער האָט קיין טאַלאַנט ניט.

## טויט

אַ טויטער קען ניט זינדיקן און אַ לעבעדיקער קען זיך ניט אויסהיטן פון זינד.

ניט נאָר ביים לעבן קען אונדז אַ מענטש פאַרשאַפן פרייד און לייד, אויך — נאָכן טויט.

די איינציקע מעלה פון דעם טויט איז דאָס וואָס ער ראַמט אויס פונעם לעבן דאָס אַלטע און קראַנקע און מאַכט פּלאַץ פאַר דאָס יונגע און שטאַרקע.

קומט דער טויט צו אַ „זויגלינג״, באַדויערן מענטשן, אַז עס האָט נאָך גאָרניט געלעבט. קומט דער טויט צו אַ „גרייז״ באַדויערן מענטשן, אַז נאָך אַלע צרות קומט דער טויט.

דער טויט איז דער בעסטער מוסר־השכל פאַרן לעבן.

דער טויט מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישן אַלט און יונג און קימערט זיך ניט אויב מען איז באַליבט אָדער געהאַסט.

ביים לעבן זיינען מענטשן פאַרשידן. ביים טויט — אַלע גלייך.

ווי מען הייבט אָן דערשפּירן די אומזיכערקייט פון לעבן, אַזוי באַלד הייבט מען זיך אָן שרעקן פאַר דעם טויט.

פיל פראַגן, וואָס עס קען ניט פאַרענטפערן דאָס לעבן, פאַר־ענטפערט דער טויט.

דער גליקלעכער טרייסט זיך מיט דעם לעבן. דער אומגליקלע־כער — מיט דעם טויט.

דער טויט איז אַזוי נאַטירלעך ווי דאָס לעבן, כאָטש ער איז דער קאָנטראַסט פון לעבן.

אַ טויטן איז גאָרניט צו באַדויערן. צו באַדויערן איז נאָר דעם וועמען ער פעלט אויס.

גראַד די וואָס שרעקן זיך פאַרן טויט האָבן מורא פאַרן לעבן.

## טייוול

פון אַ געבאָרענעם טייוול קען מען קיין מלאך ניט מאַכן.

עס איז לייכט צו ווערן אַ טייוול. עס איז אָבער שווער צו ווערן אַ מלאך.

וועגן דעם טייוול און פאַר דעם טייוול איז נאַריש זיך צו באַ־קלאָגן.

דער ערגסטער טייוול איז דער, וואָס האַלט זיך פאַר אַ מלאך. דער ערגסטער מלאך — דער וואָס האַלט זיך פאַר אַ גאָט.

דאָס וואָס מען איז ניט קיין מלאך גיט נאָך קיין רעכט ניט צו האַנדלען ווי אַ טייוול.

דער טייוול קען מער צונעמען וויפל גאָט קען געבן.

ווען דער טייוול טוט שוין ווען אַ טובה איז ער מיט דעם אויך אויסן אַ רעה.

## טעאַטער

וויל מען זיך באַקענען מיט דעם לעבן פון אַ פאָלק, מוז מען באַזוכן זיין טעאַטער. וויל מען זיך באַקענען מיט דער נשמה פון אַ פאָלק, מוז מען שטודירן זיין ליטעראַטור.

אַפילו שפּילן פאַר אַ קאַליקע טאָר אַן אַקטיאָר אויך ניט שפּילן ווי אַ קאַליקע.

אַ שיין טעאַטער מיינט נאָך ניט אַ גוט טעאַטער, אַזוי ווי אַ שיין בוך מיינט נאָך ניט אַ גוט בוך.

ניט יעדער וואָס קען גוט שפּילן אויף דער טעאַטער־בינע קען אויך גוט שפּילן אויף דער לעבנס־בינע.

טעאַטער איז אַ שפּיגל צו זען דאָס לעבן און אַ שולע צו לער־נען דאָס לעבן.

ווען אַ פרוי שפּילט אַ טעאַטער־ראָלע, שפּילט זי אין דער זעל־בער צייט איר אייגענע ראָלע.

טעאַטער שפּילט נאָך דאָס לעבן, אָבער לעבן גופא איז ניט קיין שפּיל, נאָר די רויעווירקלעכקייט אַליין.

ניט יעדער וואָס איז פעיק אין זיין טעאַטער־ראָלע איז אויך פעיק אין זיין לעבנס־ראָלע.

## טראַדיציע

מנהגים און טראַדיציעס זיינען צוימען פון דעם נאַציאָנאַלן לעבן פון פאָלק. זיי זיינען אָבער שעדלעך, ווען זיי ווערן פענטעס פאַרן פאָלק.

ווי נאַריש מנהגים און טראַדיציעס זאָלן ניט זיין, זיינען זיי אָבער פאַרבונדן מיט וויכטיקע נאַציאָנאַלע געשעענישן, מיט היס־טאָרישע פּאַסירונגען.

טראַדיציעס זיינען אַזוי שטאַרק אַריינגעוואַקסן אינעם פאָלקס־לעבן, אַז אַפילו די וואָס האַלטן שוין ניט פון זיי קאָנען זיך אויך ניט אין גאַנצן באַפרייען פון זיי.

טראַדיציעס זיינען פאַר רעליגיעזע מענטשן אַדאַפּטירטע דינים; פאַר נאַציאָנאַלע — אַדאַפּטירטע פליכטן.

דאָס לעבן איז הייליקער פון אַלע געבאָטן און וואָגיקער פון אַלע טראַדיציעס.

טראַדיציעס זיינען אַלטע מנהגים און מנהגים — יונגע טראַ־דיציעס.

טראַדיציע האָט אַ שוואַכע באַרעכטיקונג, דאָך איז זי שטאַרקער פון געזעץ.

היסטאָריע איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אויסגעטראַכטע לע־גענדעס. נאַציאָנאַליזם איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר נאַרישע טראַדיציעס.

## טרערן

בלומען וואַקסן בעסער, ווען זיי ווערן מיט וואַסער באַגאָסן. הערצער פילן טיפער, ווען זיי ווערן מיט טרערן באַנעצט.

טרערן זיינען דער אויסגוס פון שוואַכקייט און אומבאַהאָלפנ־קייט.

אויף פאַלשע טרערן און אויף פאַלשע פערל דאַרף מען זיין אַ גוטער מבין.

טרערן ווייַנען אויס דעם איבערפלוס פון צופיל ליידן און פריידן. טרערן זיינען די וואָפן פון הילפלאָזע.

ניט אַלע מאָל רינען טרערן פון די אויגן. גאַנץ אָפט — פון פאַלשקייט.

טרערן פון פרייד זיינען אַזוי הייס, ווי טרערן פון לייד.

ווען טראַגיק לאַכט איז עס נאָך טרויעריקער ווי ווען זי וויינט, ווייל אַזאַ געלעכטער איז אַ געלעכטער פון משוגעת.

בעסער צו וויינען פון שמחה ווי צו לאַכן פון צער.

ווער עס קען ניט וויינען איז אַ חיה. ווער עס קען ניט לאַכן איז אַ בהמה.

קיינער קען ניט אַזוי האַרציק לאַכן ווי דער וואָס קען האַרציק וויינען.

טרערן זיינען ניט קיין בלוט, זיי באַדייטן אָבער אָפט מער ווי בלוט.

די קונסט פון הומאָר איז צו מאַכן לאַכן וויינענדיק און צו מאַכן וויינען — לאַכנדיק.

פון וואָס איינער קען זיך צעוויינען, קען אַ צווייטער זיך צע־לאַכן.

וויינען קען דער מענטש באַלד ווי ער ווערט געבאָרן. לאַכן אָבער מוז מען אים שוין לערנען.

וויינען מיט טרערן קענען אַלע. ניט אַלע אָבער קענען, אַזוי ווי דער הומאָריסט, וויינען מיט געלעכטער.

אַ מענטש קרעכצט ניט אומזיסט און אַ קינד וויינט ניט פאַר גאָרנישט.

ערנסטע מענטשן לאַכן זעלטן. העלדישע מענטשן וויינען זעלטן.

טראַגיק וויינט אויס די מענטשלעכעליידן. הומאָר לאַכט אויס די מענטשלעכע שוואַכקייטן און קאָמיק שפּאַסט אויס די אומזיני־קייט פון לעבן.

ס'איז מורא צו האָבן פאַר דעם וואָס קען ניט וויינען, ווייל אַזעלכער קען אונדז מאַכן צו וויינען.

געוויטער ברענגט רעגן; קריג ברענגט טרערן.

אַ געוויין אָן טרערן איז טראַגישער ווי מיט טרערן.

די טרערן פון פרייד האָבן דעם זעלבן קאָליר ווי די טרערן פון לייד, בלויז נאָכן פּנים קאָנען מיר זיי דערקענען.

אויף פאַלשע טרערן דאַרף מען זיין אַ גרעסערער מבין ווי אויף פאַלשע פּערל.

ר.

## יוגנט

יוגנט און ליבע מעגן שוין זיין לאַנג פאַרשווונדן, איז עס אונדז ליב און טייער תמיד צו בענקען נאָך זיי.

די יוגנט לעבט שטענדיק אומצופרידן און איז אין רעוואָלט קעגן דער באַגרענעצונג פון לעבן. דאָס גיט איר אָבער אינטערעס, אָנרעגונג צו קעמפן אינעם לעבן און פאַרן לעבן.

אַזוי לאַנג ווי מען שאַפט און מ'איז נוצלעך פאַר דער וועלט, אַזוי לאַנג איז מען יונג און געבענטשט.

אין דער יוגנט מוזן מיר לערנען ווי צו לעבן דאָס גאַנצע לעבן.

די אַלטע וואָס זיינען גענוג קלוג אָפּצוטרעטן דעם פּלאַץ פאַר דער יוגנט, קען מען אַרייננעמען צווישן די יונגע. די אַלטע אָבער וואָס זיינען פאַרעקשנט צו הערשן איבער דער יוגנט, פאַרמשפּטן זיך אַליין פאַרשפּאַרט צו ווערן אין מושב זקנים.

קינדהייט! — דאָס זיינען די יונגע אומבאַפלעקטע ביסל יאָרן פון אונדזער גאַנצן זינדיקן און שווערן לעבן. דערפאַר בענקען מיר אַזוי נאָך איר דעם גאַנצן לעבן.

אַלטקייט גייט צוזאַמען מיט שוואַכקייט. יוגנט — מיט קראַפט.

נאָך אַ פיינלעכער יוגנט בענקט מען ניט און פון אַ שלעכטער עלטער טרוימט מען ניט.

ווער עס יום־טובט אין דער יוגנט דער וואָכנט אויף דער עלטער.

אין דער יוגנט איז אונדזער בליק געווענדט צו דער קעגנ־וואַרט; אין די מיטעלע יאָרן — צו דער צוקונפט, און אויף דער עלטער — צו דער פאַרגאַנגענהייט.

ערשט אויף דער עלטער ווערט מען קלוג צו וויסן ווי מען האָט געדאַרפט לעבן אין דער יוגנט.

הכל הבל איז די טרייסט פאַר דער עלטער און די אַמוזירונג פאַר דער יוגנט.

## יושר

מיט יושר איז שווער צו ווערן אַן עושר.

## ייִד

מ׳קען זיין אַ גוטער מענטש און דאָך זיין אַ שלעכטער ייִד. מ׳קען ניט זיין אַ גוטער ייִד ווען מ׳איז אַ שלעכטער מענטש.

## ירושה

אַ פאַרדינטער טיטל איז אַן אייגענער טיטל. אַ געירשנטער טיטל איז אַ פרעמדער טיטל.

מיט זיין קרוין קען נאָר דער שטאַלצירן, ווער ס׳האָט זי דער־וואָרבן, אָבער ניט דער וואָס האָט זי גערויבט אָדער געירשנט.

# כ.

## כאַראַקטער

דורך די אויגן פון יעדן מענטשן קוקט אַרויס יעדנס כאַראַקטער און אַפילו דאָס וואָס ער דענקט. מען מוז אָבער באַזיצן שכל און פסיכאָלאָגיע עס צו דערזען און צו דערהערן.

פון אַ גוטן קאָפּ ביז אַ גוטן כאַראַקטער איז אָפט אַ גוטער מהלך.

אַ שיין פּנים מיט אַ גוטן כאַראַקטער איז ווי אַ שיינע ראָם מיט אַ גוט בילד.

ס׳איז לייכט צו ענדערן דאָס פּנים, ס׳איז אָבער שווער צו ענדערן דעם כאַראַקטער.

יעדע בלום האָט איר אייגענע פאַרב און דופט. יעדער טאָן — זיין אייגענע וויבראַציע און קלאַנג און יעדער מענטש — זיין אייגענעם כאַראַקטער און אויסדרוק.

מען מוז צופרידן זיין מיט אַ מיאוס פּנים, אָבער ניט מיט אַ מיאוסן כאַראַקטער.

אַ שוואַכער כאַראַקטער לאָזט זיך קנעטן, אָבער ניט — אויסבאַקן.

ווער עס האָט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, דער באַזיצט אַ שטאַרקןווילן.

אַ שטאַרקער כאַראַקטער איז ווי אַ פונדאַמענט פון ציגל. אַ שוואַכער כאַראַקטער — ווי אַ פונדאַמענט פון ליים.

שיינע פּאַלמען וואַקסן אין הייסע לענדער. מיאוסע כאַראַקטערן — אין קאַלטע הערצער.

אַ שפּיגל קען אָפּשפּיגלען דעם מענטשלעכן פּנים, אָבער ניט דעם מענטשלעכן כאַראַקטער.

## כבוד

וואָס פריינדשאַפט איז פאַר ליבע, דאָס איז כבוד פאַר אַכטונג.

נישט אַלע יאָגן זיך נאָך כבוד, אָבער קיינער וויל ניט, אַז מען זאָל אים שפּייען אין פּנים.

ווער עס לויפט נאָך כבוד, דער לויפט נאָך בזיונות.

ווער עס קויפט כבוד פאַר געלט, דער ווערט אומזיסט ניט אויסגעלאַכט.

כבוד פאַר אַ קליין מענטשל פּאַסט זיך ווי אַ שייטל פאַר אַ גאַסנפּרוי.

האָבן דעם כבוד מיינט נאָך ניט האָבן דעם ווערט.

## כעס

כעס קען מאַכן פון קליגסטן אַ נאַר און פון קלאָרסטן אַ משוגע־נעם.

כעס איז צו בייז דעם אמת אויסצוהערן; עקשנות איז צו איינגעשפּאַרט דעם אמת גערעכט צו געבן.

כעס איז צו בייז זיך לאָזן פון שכל איינשטילן. עקשנות איז צו איינגעשפּאַרט זיך לאָזן פון שכל איבעררײדן.

# ל.

## לאָגיק

לאָגיק איז די וואָגשאָל פון קלוגשאַפט און נאַרישקייט.

## לאַכן

מען קען אַ בהמה אַרייַנברענגען אין כעס, מען קען זי אָבער ניט מאַכן לאַכן.

שמייכל איז אַן אויסדרוק פון גליקלעכקייט און צופרידנקייט. געלעכטער האָט שוין צו טאָן מיט קאָמישקייט און איז אָפילו געבונדן מיט טראַגישקייט.

אַ קלוגער שמייכלט שטיל; אַ נאַר לאַכט אויפן קול.

בהמות קענען ניט לאַכן, דעריבער האַלטן נאַראָנים אין איין לאַכן, כדי מ׳זאָל זיי ניט האַלטן פאַר בהמות.

ניט יעדער וויינט פון לייד און ניט יעדער לאַכט פון פרייד.

ווער עס דענקט נאַריש, דער רעדט נאַריש. ווער עס לאַכט נאַריש, דער וויינט נאַריש.

אָפט איז צו לאַכן פאַרוואָס מענטשן וויינען און אָפט איז צו וויינען פון וואָס מענטשן לאַכן.

מ׳דאַרף לערנען ווי צו לאַכן און מ׳דאַרף וויסן פון וואָס צו לאַכן.

איינער לאַכט פון צרות; אַ צווייטער וויינט פון שמחה.

אויסלאַכן איז ערגער ווי אויסזידלען. איגנאָרירן איז ערגער ווי קאָרעגירן.

עס איז שוין גאָר ניט צו לאַכן פון דעם, וואָס קען ניט לאַכן.

אַ מענטש וואָס קען ניט לאַכן, איז ווי אַ פלאַנץ וואָס קען ניט בליען.

ווען מען האָלט שוין אין לאַכן לאַכט מען שוין אויך פון דעם וואָס עס איז נאָר צו וויינען.

אָפטמאָל איז באמת צו לאַכן פון וואָס מאַנכע וויינען, און אָפט־מאָל איז באמת צו וויינען פון וואָס מאַנכע לאַכן.

דווקא דער וואָס פון אים איז צו לאַכן, לאַכט אָפּ פונעם אַנדערן.

אַ בהמה קען ניט לאַכן און אַ נאַר ווייסט ניט ווען צו לאַכן.

די בהמה איז טראַגיש שוין צוליב דעם אַליין, וואָס זי קען ניט לאַכן.

ווען שפּיגלען וואָלטן געקענט לאַכן, וואָלטן אַלע ווייבערשע טואַלעטן־שפּיגלען צעפּלאַצט געוואָרן פון געלעכטער.

לאַכן איז דער אויסדרוק פון קאָמישקייט; שמייכל — פון צו־פרידנקייט.

אַן עם־הארץ האָט קיין רעכט ניט צו לאַכן פונעם למדן. אָבער אויך דאָס צו וויסן איז פאַר אים צופיל למדנות.

כדי צו לאַכן פון אַ פיזישן קאַליקע דאַרף מען זיין אַ גייסטי־קער קאַליקע.

אַ פריינדלעכער געלעכטער און אַ זיסער שמייכל טוען פריינד־שאַפט צוציען און פיינטשאַפט אָוועקטרייבן.

מענטשן וואָס מאַכן ביים לעבן לאַכן די וועלט, ווערן נאָכן טויט באַוויינט פון דער וועלט.

אַז אַ בהמה האָט ניט קיין געפיל, באַווייזט וואָס זי קען ניט וויינען; אַז אַ בהמה האָט ניט קיין שכל באַווייזט, וואָס זי קען ניט לאַכן.

אַ מענטש וואָס קען ניט לאַכן איז צו באַוויינען.
קיינער קען ניט אַזוי טיף לאַכן ווי דער וואָס לאַכט זעלטן.

## לאַנד

אַן אַן אייגן לאַנד ווערט אַ פאָלק צעשפּליטערט. אַן אַן אייגע־נער ליטעראַטור — פאַרשלונגען.

ווו איך בין געבאָרן איז מיין מוטערלאַנד. ווו איך לעב איז מיין פאָטערלאַנד.

אַ לאַנד וואָס איז אינערלעך שטאַרק איז אויסערלעך שטאַרק.

## לבנה

מעג אַ שטערן זיין נאָך גרעסער און ליכטיקער פון דער זון, איז ער אָבער צו ווייט און טונקל פאַר אונדז און זיין באַדייט און ווערט איז פאַר אונדז נאָך ווייניקער פון דער לבנה.

ווען די לבנה וואָלט געשיינט פאַר געלט, וואָלטן שוין אַלע אונ־דזערע ליבע טרוימען און זיסע פאַנטאַזיעס געהאַט געוועז איר אייגנ־טום.

יעדערן דוכט זיך, אַז די לבנה קוקט אויף אים, טראַכט פון אים און שפּאַצירט מיט אים.

די זון ווירקט מיר זאָלן דאָס טרויעריקע פאַרגעסן, די לבנה — אַז די ליבע זיך דערמאָנען און נאָך זיי בענקען.

## ליבע

מ׳ווערט קיין מאָל ניט מיד זיך צו ליבן און ס׳ווערט קיין מאָל ניט איבערדריסיק דעם אַנדערן צו טאַדלען.

ליבט מען זיך אַליין מאַכט מען זיך קליין. ליבט אַ צווייטער, מאַכט ער עס ברייטער.

מיט ליבן דעם אַנדערן איז מען אָפּט אויסן אַליין געליבט צו ווערן.

פאַר ליבע איז קיינער ניט טויב.

אומפאַרדינטע ליבע איז די שוועסטער פון חניפה.

אמת, באַשיידנקייט לויפט ניט נאָך כבוד, אָבער עס אַנטלויפט ניט פון לויב.

דער וואָס לויבט זיך אַליין זאָגט אַליין אויס, אַז קיינער האַלט ניט פון אים.

ווען רויזן האָבן ניט ווער עס זאָל זיי באַוווּנדערן, האָבן זיי דעם זעלבן ווערט ווי קראָפּעווע.

אַמאָל הייבט איינער אויף דעם אַנדערן וואָס העכער, כדי ער זאָל אים קענען אַראָפּוואַרפן וואָס נידעריקער.

עס איז ניט די פראַגע ווי מען ווערט געלויבט און געטאַדלט, נאָר — פון וועמען ?

כדי צו ווערן געלויבט פון דער וועלט מוז מען פיל ליידן צוליב דער וועלט.

קיינער לויבט ניט דעם פון וועמען ער ווערט געהאַסט.

מיר מוזן אַמאָל זיך לויבן כדי ניט צו ווערן פון דעם אַנדערן איגנאָרירט.

לויב דערמוטיקט ; דאַנקבאַרקייט אָנערקענט.

ווו ס'איז פאַראַן צו קריטיקירן, דאָרט איז אויך פאַראַן צו לויבן.

אַליין זיך לויבן איז אַ נאַרישקייט. אַליין זיך טאַדלען איז אַ משוגעת.

צופיל האָניק איבלט. צופיל לויב טאַדלט.

# לוקסוס

לוקסוס מאַכט דעם מענטשן פאַר אַ שקלאַף, דאָך יאָגט זיך דער מענטש נאָך דעם, ווייל מענטשן האָבן געוויינלעך ליב שקלאַפעריי.

לוקסוס איז אַן אומדערבאַרמלעכער רויבער. ער נעמט צו דאָס נייטיקסטע, דעם ביסן פון מויל.

לוקסוס קען נאָר באַצירן דעם נאַר, אָבער ניט פאַרדעקן זיין נאַרישקייט.

# ליבע

ליבע זעט ניט קיין פעלערן. שנאה — קיין מעלות.

יעדער קען זיין ליידנשאַפטלעך, אָבער ניט יעדער קען ליבן.

ליבע רעדט מער מיט איר שוויגן, ווי אייפערזוכט מיט איר שרייען.

ביי ליבע פאָדערט זיך ליבע, ערלעכקייט, געטריישאַפט און זיך האַלטן אַ ביסעלע פון דערווייטן.

אויב ליבע איז נאַריש, איז דאָס גאַנצע לעבן נאַריש. אויב דאָס גאַנצע לעבן איז נאַריש, איז ליבע דאָס קליגסטע פון אַלע נאַרישקייטן.

יוגנט איז דער פרילינג פון לעבן; ליבע —דער זומער.

ליבע איז הייליק ווען מען ליבט ערלעך און בלינד — ווען מען ליבט ליידנשאַפטלעך.

ווו עס איז ניטאָ קיין ליבע, דאָרט איז ניטאָ קיין אַכטונג.

ווער עס ווייסט וואָס צו האַסן, דער ווייסט אויך וואָס צו ליבן.

פריינדשאַפט אָן ליבע איז געצוווּנגענע טריישאַפט. טריישאַפט אָן ליבע איז געצוווּנגענע פליכט.

ליב אַזוי לאַנג ווי עס ליבט זיך און לעב אַזוי לאַנג ווי עס לאָזט זיך.

ליבע איז פאַרבונדן מיט געפילן. הייראַט — מיט פליכטן.

ליבע איז פּאָעטיש. הייראַט — פּראָזאַאיש.

באַלד נאָך דער חתונה זוכט מען ניט קיין לינקע געליבטע.

די וואָס לאַכן היינט פון ליבע איז נאָך קיין ראיה ניט, אַז זיי וועלן פון איר מאָרגן ניט וויינען.

צוליב ליבע קען מען אָפּטאָן די גרעסטע נאַרישקייט. צוליב האַס — די גרעסטע משוגעת.

די שוואַכקייט פון ליבע איז אַזוי שטאַרק, אַז זי קען דיקטירן דעם גרעסטן קעניג צו פאַרלאָזן דעם טראָן.

ליבע חברט זיך ניט מיט מורא.

ווייַן עפנט דאָס מויל, ליבע — דאָס האַרץ און מוזיק — די נשמה.

ליבע איז אַזאַ וועקסל וואָס פאַרזיכערט טריישאַפט דאָס גאַנצע לעבן און באַנקראָטירט גלייך נאָך דער חתונה.

ליבע וווינט ביי געזונטע. האָס — ביי קראַנקע.

ניט נאָך דער פערזאָן וואָס מיר האָבן אַמאָל געליבט בענקען מיר, נאָר נאָך דער ליבע צו דער פערזאָן, וואָס אונדזער האַרץ האָט אַמאָל געפילט.

געשאָנקענע ליבע איז אַ דאַנק ניט ווערט. געקויפטע ליבע איז אַ גראָשן ניט ווערט.

מ׳קען אויסבעטלען פריינדשאַפט, אָבער ניט קיין ליבע.

ווו ליבע לאָזט זיך לייכט געווינען, דאָרט לאָזט זי זיך לייכט פאַרשפּילן.

אין דער ליבע פון אַ פרוי איז מער צו גלויבן אירע אויגן ווי אירע ליפּן.

צוויי געטער קען מען ערלעך ניט דינען. צוויי פרויען קען מען געטריי ניט ליבן.

וואָס ליבע קען זאָגן מיט אַ בליק, דאָס קענען אָפט ניט זאָגן קיין ווערטער.

ווען ליבע טרעט אַריבער אַכטונג און רעספּעקט, ווערט זי באַ־נאַל און וווּלגאַר.

ליבע זאָגט איין זאַך, פריינדשאַפט — אַ צווייטע זאַך און אַכטונג — אַ דריטע זאַך.

„ליבע איז בלינד״ — זאָגט אַן אַלט האַרץ; „ליבע איז נאַריש״ — זאָגט אַ קאַלט האַרץ; „ליבע איז פאַלש״ — זאָגט אַן אַנטוישט האַרץ; „ליבע איז געטלעך״ — זאָגט אַ יונג האַרץ.

ווער עס קען ליבן, דער קען אויך בענקען.

קיינער איז ניט אַזוי געקריוודעט פון לעבן ווי דער וואָס ווערט פון קיינעם ניט געליבט, און קיינער איז ניט אַזוי אכזריותדיק צום לעבן ווי דער וואָס קען קיינעם ניט ליבן.

פון דער נאַטור קען מען ניט אַנטלויפן, דעריבער קען מען זיך פון ליבע ניט באַהאַלטן.

אַלע ליבעס קומען פון דעם זעלבן קוואַל, אָבער ניט אַלע טרינקען פונעם זעלבן קרוג.

ליבע איז לעבן. אויב ליבע איז פאַלש, איז אויך דאָס לעבן פאַלש.

## ליידיקגייער

פאַר ליידיקגייער זיינען ניטאָ קיין ימים־טובים.

## ליידן

ווען מיר ליידן צוליב דעם אַנדערן, געדענקען מיר עס דאָס גאַנצע לעבן. ליידן מיר אָבער צוליב זיך, פאַרגעסן מיר עס באַלד.

פריידן און ליידן זיינען זיך שונאים ווי פייער און וואַסער, דאָך גייען זיי אין לעבן אָפט צוזאַמען ווי אַן אומצעשיידבאַרער צווילינג.

פריידן ליגן מער אָפּגעדעקט אויפן אָפענעם פנים. ליידן — מער באַהאַלטן אין זיינע קנייטשן.

געזעלשאַפטלעכע, פאַליטישע ליידן לאָזן זיך אויסגלייכן, אויס־קעמפן און אויסריידן, גרינגער מאַכן דאָס האַרץ. דאָס ערגסטע איז מיט אינטימע פאַמיליאַרע ליידן, וואָס מען מוז זיי באַהאַלטן אונ־טער אַ געמאַכטן שמייכל אַפילו פאַר די בעסטע פריינד.

פרייד פאַטשט מיט די הענט. לייד ברעכט די הענט.

פריידן און ליידן צווילינגן זיך ווי שוועסטערלעך ביים וואַרצל און צעצווייגן זיך ווי ברוגזדיק ביים שטאַם.

פילן דעם אַנדערנס ליידן קען מען נאָר דורך אייגענע ליידן.

## ליידנשאַפט

ליידנשאַפט צווינגט אונדזער ווילן צו האַנדלען קעגן אונדזער שכל.

ליידנשאַפט זוכט באַפרידיקונג אָן צו זען די פאָלגן.

מענטשן האַנדלען מערסטנס נאָך זייערע ליידנשאַפטן און מיי־נען, אַז זיי האַנדלען נאָך זייער פאַרשטאַנד.

ווער עס קען ניט זיינע ליידנשאַפטן אונטערדריקן, דער ווערט פון זיי באַהערשט.

ווו עס שטורעמט לײדנשאַפט, דאָרט איז מאַכטלאָז פאַרשטאַנד.

לײדנשאַפט איז הונגעריק אַפילו ווען זי איז זאַט.

דאָס פאַרבאַטענע רײצט אונדזערע לײדנשאַפטן. דאָס פאַרבאָרגענע — אונדזערע פאַנטאַזיעס.

לײדנשאַפט רעכנט זיך ניט מיט געזעץ און ווײסט ניט פון קײן גרענעץ.

## לײכטזיניקײט

שווער צו זאָגן וועמען עס איז מער צו באַדויערן: דעם שוואַכזינקן אָדער — דעם לײכטזיניקן.

וואָס מיר קענען אַמאָל אָפּטאָן אין אײן לײכטזיניקן מאָמענט, קענען מיר עס ניט גוט מאַכן אין אונדזער גאַנצן לעבן.

לײכטזיניקײט איז די שוואַכקײט פון נאַרישקײט.

נאַרישקײט און לײכטזיניקײט איז אַ פּאַסנדיקער שידוך, אָבער אַן אומגליקלעך פּאָר.

לײכטזיניקײט געהערט מער צו אַ שוואַכן כאַראַקטער ווי צו אַ רײשן פאַרשטאַנד.

## ליכט

וואָס העלער ס'איז דאָס ליכט, אַלץ שוואַרצער איז דער שאָטן, וואָס פאַרשטעלט דאָס ליכט.

דער טאָג ברענגט ליכט, אָבער ניט פאַר בלינדע.

ווו אַ ליכטיקער שטראַל דרינגט דורך, ווערט אויך ליכטיק אַרום דעם שטראַל.

פינצטערניש איז פאַר דער חיה דאָס בעסטע ליכט.

די ליכטיקײט פון אַ בליץ קען נאָר דערשרעקן, אָבער ניט לײכטן.

פון צופיל ליכט ווערט אויך פינצטער אין די אויגן.

ווילדע חיות האָבן מורא פאַר פײער. ווילדע מענטשן — פאַר ליכט.

# לעבן

דאָס לעבן האַלט אונדז געשפּאַנט מיט אומבאַוווּסטע דערוואַר־טונגען פון דעם מאָרגן. וואָלט אָבער דער מאָרגן געווען פאַר אונדז אָפן ווי אַ בוך, וואָלט אונדזער לעבן געווען לאַנגווייליק ווי אַן אויס־געלייענט בוך.

דאָס גאַנצע לעבן איז נאָר אַ געשטערטער שלאָף, געמאַטערט פון נאַריש־ווילדע חלומות און מען כאַפּט זיך ערשט אויף פון אים ווען מען הערט שוין אויפשליסן די טיר פון קבר.

כל זמן געלט וועט זיין דער הויפּטמיטל פון לעבן, וועט עס אויך זיין דער ציל און זין פון לעבן.

דאָס לעבן איז אַ טאָגבוך. די געבורט — אַ פּראָלאָג און דער טויט — אַן עפּילאָג.

עס איז וויכטיקער דאָס לעבן צו פאַרבעסערן און צו באַרייכערן, ווי עס צו פאַרלענגערן.

כל־זמן מען קען נאָך דענקען איז דאָס לעבן אינטערעסאַנט. כל־זמן מען קען נאָך פאַרבעסערן דאָס לעבן איז ווערט צו לעבן.

ווערן צו זאַט מיט לעבן איז ערגער ווי זיין הונגעריק אין לעבן.

אַז מען לעבט אויסגערעכנט דאַרף מען צו קיינעם ניט אָנקומען.

עס איז לייכטער צו ברענגען לעבנס אויף דער וועלט ווי צו וויסן ווי צו לעבן אויף דער וועלט.

ניט האָבן „פאַרוואָס" צו לעבן איז ערגער ווי ניט האָבן „פון וואַנען" צו לעבן.

ווער עס לעבט נאָר פאַר זיך דער שטאַרבט נאָר פאַר זיך.

לעבן וויל יעדער אָבער ניט יעדער ווייסט ווי צו לעבן.

כדי צו פאַרבעסערן דאָס לעבן מוז מען צוערשט פאַרבעסערן דעם מענטשן.

אַ לעבן וואָס קאָסט גאָרניט איז גאָרניט ווערט.

בעסער אַ קורץ לעבן אַלס מענטש ווי אַ לאַנג לעבן אַלס בהמה.

ווייטער פון דעם טויט קען דאָס לעבן ניט גיין.

אויב דאָס לעבן האָט ניט קיין ווערט, איז עס ניט די שולד פון לעבן, נאָר פון מענטשן.

דאָס וויסן וואָס איז לעבן איז אַ וויסנשאַפט. דאָס וויסן ווי צו לעבן איז אַ קלוגשאַפט.

קיינער ווערט ניט געבוירן אין הימל און קיינער בלייבט ניט לעבן אויף דער ערד.

די נאַטור איז די באַשעפערין און די דיקטאַטאָרין פון לעבן. איג־סטינקט, עגאָאיזם, ליידנשאַפט און געוווינהייט זיינען די מיניסטאָרן פון לעבן.

וווביימער און גראָז קענען ניט וואַקסן, דאָרט קענען אויך מענטשן און חיות ניט לעבן.

דאָס לעבן, אַזוי ווי די נאַטור, שטאַרבט ניט: עס בייטן זיך נאָר די פּראָדוקטן, די פיגורן פון לעבן.

ווייַ צו אַזאַ לעבן וואָס טרייסט מיטן טויט.

דאָס לעבן קעמפט מיטן טויט ניט אים צו באַזיגן, נאָר צו עק־זיסטירן.

## לערנען

מיר קענען לערנען דעם וואָס ווייסט ניט, אָבער ניט דעם וואָס וויל ניט וויסן.

לערנענדיק דעם אַנדערן לערנען מיר אָפט אַליין מער ווי דער אַנדערער לערנט פון אונדז.

ווער עס קען ניט לערנען פונעם אַנדערן, דער קען אויך ניט לערנען דעם אַנדערן.

מ׳דאַרף זיין אַ גרויסער למדן צו לערנען מיט למדנים, אָבער ניט מיט עם־הארצים.

מען קען זיין אַ גראָבער עם־הארץ און דאָך זיין אַן איידעלער מענטש.

דער עם־הארץ הייבט אָן וויסן וואָס ער איז ווען ער הייבט אָן זיך לערנען.

די לערע וואָס מיר מוזן האָבן פון אייגענער דערפאַרונג קענען מיר ניט לערנען פון קיין אַנדערן.

אַ גוטער לערער לערנט אונדז ווי אַליין זיך צו לערנען.

## לץ

דער לץ מעג זיך זיין אַ פריילעכער אונטערהאַלטער, אָבער ער איז אַ טרויעריקער קריטיקער.

דו מעגסט אויפנעמען דעם לץ פאַר אַ לוסטיקן גאַסט, אָבער ניט פאַר קיין הויזפריינד.

פיל זיינען מבטל, טרייבן לצנות, ווייל זיי קענען ניט קריטיקירן מיט וויסן, מיט פאַרשטאַנד.

דער לץ איז אַ ציניקער וואָס האַלט זיך פאַר אַ הומאָריסט.

# מ.

## מאָגן

אַ חזיר פאַרדאַרבט זיך ניט דעם מאָגן.

פאַרדאַרבענע שפייז קען אָפּנאַרן דאָס אויג, אָבער ניט דעם מאָגן.

דער מאָגן וויל ניט וויסן וואָס דעם אויג געפעלט.

## מאָדע

אַ דאַנק דער מאָדע גייען נאָך חוהס טעכטער כלומרשט מיט עטוואָס אָנגעטאָן.

ניט די מאָדע איז צו טאַדלען, נאָר די וואָס לאָזן זיך פון איר באַהערשן.

## מאַסקע

עס איז לייכט צו זען די מאַסקע וואָס פאַרשטעלט דאָס פּנים, עס איז אָבער שווער צו זען די מאַסקע וואָס פאַרשטעלט דאָס האַרץ.

מאַנכע מענטשן זיינען אמתע קינסלטער זיך צו פאַרמאַסקירן און מען קען זיי אַנדערש ניט דערקענען, סיידן מען דערטאַפּט זיי מיט די הענט.

די בעסטע מאַסקע איז אָפנהאַרציקייט.

נאַרישע מענטשן טוען אָן מאַסקעס אויפן פּנים. די קלוגע מאַכן דאָס פּנים גופא פאַר אַ מאַסקע.

דער מענטש וואָס טראָגט אַ מאַסקע אויף זיך באַווייזט, אַז ער האָט וואָס צו באַהאַלטן.

## מאָראַל

מאָראַל אָן רעליגיע איז שוואַך. רעליגיע אָן מאָראַל איז היפּאָ־קריטיש.

מאָראַל איז דער פונדאַמענט פון רעליגיע. רעליגיע איז דער דאַך פון מאָראַל.

מאָראַל און רעליגיע מוזן גיין צוזאַמען. גייען זיי באַזונדער איז זייער וועג אומזיכער און זייער עקזיסטענץ איז אין געפאַר.

אַמאָל איז אַן עבֿרה צו טאָן אַ מצווה און אַמאָל איז אַ מצווה צו טאָן אַן עבֿרה.

## מאָרד

דאָס מעסער ווייסט ניט וועמען עס קוילעט.

אַז מען האַלט ניט קיין מעסער דאַרף מען זיך ניט היטן פאַר אים.

ס'איז נישטאָ קיין קלענערער, שוואַכערער מענטש פון דעם, וואָס זוכט צו באַזיגן זיין קעגנער דורך מאָרד.

מאָרד איז מאָרד, אַפילו ווען צוגעדעקט מיט אַ פּרוכת פון גע־זעצלעכקייט און איינגעוויקלט אין אַ טלית פון אידעאַליזם.

ווער עס האָט רחמנות אויף אַ מערדער, דער העלפט אים אין זיין מערדעריי.

ווער עס העלפט אַ מערדער דער איז זיין שותף.

## מאַרטירער

בעסער צו ליידן אַלס מאַרטירער, ווי צו לעבן רואיק אַלס שקלאַף.

דער פאַרשקלאַפּטער וואָס פילט און בענקט נאָך פרייהייט איז ניט קיין שקלאַף, נאָר אַ מאַרטירער.

## מבין

פאַר גוטע סחורה מוז מען האָבן אַ גוטן מבין. פאַר שלעכטע סחורה — אַ גוטן סוחר.

פון וועמען מען ווערט געליבט דעם האַלט מען פאַר אַ מבין און פאַר אַ חכם.

מבינות ווייסט נאָר צו זאָגן ווי די זאַך איז. קריטיק פאַרשטייט ווי די זאַך האָט געדאַרפט זיין און זאָל זיין.

אַ קריטיקער איז אויך אַ מבין, אָבער אַ מבין איז ניט קיין קרי־טיקער.

## מוזיק

מוזיק קען ניט פאַרשטאַנען ווערן מיט דער שפראַך פון ווערטער. מוזיק האָט איר אייגענע שפראַך, וואָס קען נאָר באַנומען ווערן מיט געפיל.

מוזיק איז דער טייל שפּראַך וואָס מיר זיינען צו שטום זי אויס־צודריקן מיט ווערטער און וואָס איז צו געהיימנישפול אַפילו פאַר אונדזער פאַרשטאַנד.

ניט יעדער וואָס האָט ליב מוזיק פאַרשטייט מוזיק, אָבער יעדער וואָס פאַרשטייט מוזיק האָט ליב מוזיק.

דער בעסטער פידל קען אַליין ניט שפּילן.

מוזיק איז די שפּראַך פאַר וועלכער מיר האָבן ניט קיין שפּראַך.

מיט אַ גלאָק קען מען קיין ליד ניט אויסקלינגען.

מוזיק איז צו טיף פאַר דער מענטשלעכער שפּראַך, ווייל זי איז פאַרוואָרצלט אין דער מענטשלעכער נשמה.

צו אַ גוטן פידל מוז מען נאָך האָבן אַ גוטן פידלער.

מוזיק קען רירן אַ מענטשלעך האַרץ, אָבער ניט קיין שטיי־
נערן האַרץ.

ווייַן, ליבע און מוזיק עפענען אַלע פאַרשלאָסענע הערצער.

## מוט

מוט איז אַן אויסדרוק פון העלדישקייט; חוצפה — פון שוואַכ־
קייט.

מוט ווערט געאַכט, געליבט. חוצפה ווערט פאַראַכט, אויסגע־
לאַכט.

מוט ווייסט ניט פון שרעק. זיכערקייט — פון געפאַר.

מוט איז קראַפט, אָבער קראַפט איז ניט קיין מוט.

מוט איז וויכטיקער פון קראַפט, אָבער ניט פון שכל.

מוט אָן שכל איז ווי אַ גיבור אָן פיס.

מוטיקער איז דער אינעם קאַמף וואָס פילט זיך שטאַרקער, פאַר־
עקשנטער דער וואָס פילט זיך גערעכטער.

קעגן אוממעגלעכקייט קען אַפילו מוט גאָרניט אויפטאָן. אַ
מילב, ווי מוטיק זי זאָל ניט זיין קען זי אַ לייב ניט באַזיגן.

מוט איז דער מאָטאָר פון אונדזער שטרעבן. פאַנטאַזיע און באַ־
גייסטערונג — די פליגלען.

מוט מאַכט שטאַרקער; געלאַסנקייט — קליגער.

מוט אָן פאַרזיכט איז ווי אַן אויטאָמאָביל אָן אַ שאָפער.

נויט שאַפט פלייס, געפאַר — מוט.

דער מוטיקער זעט נאָר דעם ציל, דער שוואַכלינג — די אומ־
מעגלעכקייט.

אַ שטאַרקער איז נאָך ניט קיין מוטיקער.

אַמאָל איז איינער מוטיק, געוואַגט ניט דערפאַר, וואָס ער איז
אַ העלד, נאָר דערפאַר וואָס ער איז צו נאַריש אָדער צו אומוויסנ־
דיק די געפאַר צו באַגרייפן.

ווילן באַפעלט; שכל ווייזט אָן און מוט — פירט.

ווו עס פאָדערט זיך מוט, דאָ טויג ניט געלאַסנקייט. ווו עס פאָ־
דערט זיך מאָמענטאַלע האַנדלונג דאָ טויג ניט קיין געדולד.

מוט איז צו דערקענען ביי געפאַר; שכל — ביי אומגליק.

## מוטער

אַ מענטש קאָן פאַרגעסן דעם אָנבליק פון זיין מוטער, אָבער ניט די האַרציקע ליבע פון דער מוטער.

ס'איז נאָך ניט געבאָרן געוואָרן דער קינסטלער, וואָס זאָל קענען קינסטלעריש פאַראייביקן דעם ווערט פון דער מוטער. אָבער וואָס דאַרפן מיר עס זוכן אין דער קונסט, ווען יעדער שפּירט עס, טראָגט עס אין האַרצן דאָס גאַנצע לעבן?

ווער עס ווערט ניט גערירט פון אַ מוטערס וויגליד, דער האָט ניט קיין מענטשלעך האַרץ.

די וועלט איז ניט אַזוי רייך צו באַצאָלן דער מוטער פאַר איר ליבע צו אירע קינדער. זי ווערט אָבער יאָ באַצאָלט פון איר ליבע צו זיי.

ווער עס קען פאַרגעסן דער מוטערס וויגליד, דער קען ניט געדענקען דאָס גליק פון דער קינדהייט.

אויב קיין שלעכטע מוטער איז ניטאָ, איז אָבער פאַראַן נאָך אַן ערגערע פון אַ שלעכטער און דאָס איז אַ נאַרישע מוטער.

אַ מאַמע איז בלינד צו איר קינד ניט נאָר אין איר ליבשאַפט, נאָר אויך אין איר געטריישאַפט.

עס איז לייכט אויסצובייטן אַ פרוי אויף אַן אַנדער פרוי, אָבער ניט אַ מוטער אויף אַן אַנדער מוטער.

ווען אַ מאַמע שילט מיטן מויל, בענטשט זי מיטן האַרצן.

דאָס ערשטע וואָרט פון אַ קינד און דאָס ליבסטע וואָרט אין לעבן איז „מאַמע".

ביי אַ מוטער איז אַפילו דער גרעסטער מענטש — אַ קינד.

מוטער־ליבע אַנטלויפט ניט פון קינדער־צרות.

קיין שום געלט אין דער וועלט קען ניט קויפן אַ מוטערס גליק, ווען זי דערזעט דעם ערשטן שמייכל אויף איר קינדס פנים.

אַ מוטער פאַרשטייט און רעדט זיך צונויף מיט איר קינד נאָך איידער דאָס קינד קען פאַרשטיין און רעדן.

ווען אַ מוטער איז צו גוט צום קינד, ווערט דאָס קינד צו שלעכט צו דער מוטער.

פון אַ געזונט קינד ליידט די מוטער מיט פרייד און ליבע. פון אַ קראַנק קינד ליידט זי מיט צער און רחמנות.

מ׳דאַרף האָבן איבערנאַטירלעכע כוחות אויפצוהאָדעווען אַ קינד, און דאָס באַזיצט נאָר די ליבע פון אַ מוטער.

אַ מוטערלעכער כעס געדויערט אַזוי לאַנג ווי אַ קינדערשער געוויין.

אַ צו גוטע מוטער איז אַ שלעכטע מאַמע.

עס ליגט מער וויסן צו זיין אַ מוטער ווי צו ווערן אַ מוטער.

אַ מוטער טראַכט ניט און וואַרט ניט צו קריגן אַ מעדאַל פאַר איר ליבע און טרייהייט צו אירע קינדער.

מוטער־ליבע איז אַזוי הייליק, אַז דער טייוול אַליין קען זי ניט מטמא זיין.

אַ גוטע מוטער הייסט נאָך ניט אַ קלוגע מוטער.

אַ פאָטער האָט מען נייטיק ביז מען קען שוין גיין אין לעבן מיט די אייגענע פיס. אַ מוטער אָבער האָט מען נייטיק ביזן קבר.

## מויל

ווען דאָס מויל רעדט מוז עס אָנקומען צו דער הילף פון די אויגן. ווען די אויגן רעדן דאַרפן זיי די הילף פון מויל — אויף כפּרות.

אַלץ וואָס דאָס מויל קען צוזאָגן קענען די הענט ניט געבן.

ס׳איז לייכטער פאַרן האַרץ צו עפענען דאָס מויל, ווי פאַרן מויל — דאָס האַרץ.

## מורא — שרעק

מורא איז אַן אויסדרוק פון שוואַכקייט און אַ רעזולטאַט פון הילפלאָזיקייט.

נאָר אַ מענטש האָט אַמאָל מורא פאַר זיך אַליין, אָבער ניט קיין טייוול.

דאָס מורא האָבן פאַר אַ דורכפאַל איז שוין האַלב דורכגעפאַלן.

דאָס מורא האָבן פֿאַר אַ דורכפֿאַל איז דער אָנהייב פֿון דורכפֿאַל.

מיר שרעקן זיך מער פֿאַר דעם שאָטן ווי פֿאַר דעם וועמען דער שאָטן קאָפּירט.

אַ פֿאַרברעכער שרעקט זיך אַפֿילו פֿאַר זיין אייגענעם שאָטן.

שרעק איז אַן אויסדרוק אָדער פֿון שוואַכקייט אָדער פֿון זינד.

ווער ס'האָט ניט וואָס צו פֿאַרלירן, דער האָט ניט פֿאַרוואָס זיך צו שרעקן.

הונגער איז דער גרעסטער דיקטאַטאָר. שרעק — די שטאַרקסטע בייטש.

שלעכטע חלומות שרעקן אונדז מיט דעם פֿאַר וואָס מיר האָבן מורא.

מיטגעפֿיל האָבן מיר מיט דעם שוואַכערן, מורא — פֿאַר דעם שטאַרקערן און רעספּעקט — פֿאַרן גרעסערן.

די מורא פֿונעם שוואַכן פֿאַרן שטאַרקן מאַכט דעם שוואַכן נאָך שוואַכער.

ווער ס'האָט פֿאַר קיינעם ניט קיין מורא, דער שרעקט זיך פֿאַר זיך אַליין.

פֿרייד איז די זיכערקייט פֿון לעבן. שרעק — די אומזיכערקייט.

פֿאַר אַ טיראַן האָט מען מורא ;פֿאַר אַ העלד — רעספּעקט.

מורא און שרעק פֿאַרהיט אונדז פֿיל אין לעבן און שטערט אונדז פֿיל אין לעבן.

דער העלד שרעקט זיך ניט אַפֿילו פֿאַר דעם טייוול. דער טרוס שרעקט זיך אַפֿילו פֿאַר אַ מלאך.

ווען די סכנה איז שוין אַריבער, ערשט דאַן ווערט דער טרוס אַ העלד און באַרימט זיך, אַז ער האָט קיין מורא ניט.

אַפֿילו דער טרוס האַלט זיך פֿאַר אַ העלד, ווען מ'האָט מורא פֿאַר אים.

די רעליגיעזע מורא איז שוין אַזוי אַלט ווי די מענטשלעכע אומוויסנהייט און אומבאַהאָלפֿנקייט.

פֿיל מענטשן גלויבן אין גאָט נאָר דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן מורא ניט צו גלויבן אין גאָט.

ווער עס גלויבט אין גאָט פאַר מורא, דער דינט אים אויס שרעק.

איינער גלאָצט מיט די אויגן צום הימל אויס מורא פאַרן הימל, אַ צווייטער — כדי מ'זאָל מורא האָבן פאַר אים.

ווער ס'האָט פאַר קיינעם ניט קיין מורא, דער שרעקט זיך פאַר זיך אַליין.

## מזל

אַז עס איז נישטאָ קיין מזל קען מען האַנדלען מיט האָניק און מאַכן אַ ביטערן לעבן.

מזל נייטיקט זיך ניט אין ברכות. שלימזל — אין קללות.

אַמאָל פאַרזאַמט מען דעם מזל און אַמאָל — דעם שלימזל.

אַז מזל שפּילט, קען אַפילו אַ קרומער טאַנצן.

צו מזל דאַרף מען נאָך האָבן שכל ווי אויסצומיידן דעם שלימזל.

„מזל" און „שכל" איז אַ לעבעדיקע קעשענע.

מזל און שכל קען מען ניט קויפן.

## מיינונג

קליידער ווערן געביטן לויט דער צייט. מיינונגען — לויט די אומשטענדן.

אַ מיינונג וועגן אַ פּרט קען געזאָגט ווערן בכלל, עס מיינט אָבער ניט דעם כלל.

מיינונגען ספּעקולירן; פאַקטן באַווייזן.

ווער עס שרעקט זיך פאַר שלעכטע מיינונגען, דער איז שלעכט.

ווער עס יאָגט זיך נאָך גוטע מיינונגען, דער איז ניט פיל בעסער פון דעם ערשטן.

מיינונגען מוזן אָנקומען צו ראיות, אָבער ניט ראיות צו מיינונגען.

עס איז לייכטער צו זאָגן אַ גוטע מיינונג, ווי אַ ריכטיקע מיינונג.

אַ מיינונג איז ניט קיין באַווייז; אַ פאַרדאַכט — קיין פאַקט.

# מלאך

שווער צו זיין אַ גוטער מלאך צווישן טייוואָלים.

אַ מלאך קען נאָר האַנדלען ווי אַ מלאך, אָבער ניט ווי אַ גאָט.

אַ פאַלשער מלאך איז ערגער ווי אַן אמתער טייוול.

אַ מענטש קען ניט האַנדלען ווי אַ מלאך און אַ מלאך — ווי אַ גאָט.

# מנהגים

מנהגים און טראַדיציעס, ווי גאַריש און זינלאָז זיי זאָלן ניט זיין, טוען מענטשן זיי בלינד אָפּהיטן ווי געבאָטן, ווי פליכטן און ווי געזעצן.

טראַדיציע האָט שוואַכע באַרעכטיקונג, דאָך איז זי אָפט שטאַר־קער פון געזעץ.

היסטאָרישע געשעענישן, נאַציאָנאַלע פּאַסירונגען שאַפן אַמאָל בלינדע מנהגים און זינלאָזע טראַדיציעס וואָס ווערן מיט דער צייט הייליק ווי געבאָטן און פאַרפליכטנדיק ווי געזעצן.

מנהגים און טראַדיציעס זיינען אָפטמאָל צוימען פון געזעצן און געבאָטן. הייבן מיר זיי אָן ברעכן, ברעכן מיר שוין אויך די געזעצן און געבאָטן.

מנהגים זיינען אומגעשריבענע געזעצן, וואָס האָבן אָפט מער מאַכט ווי געשריבענע.

אַ מנהג איז ניט קיין גזר־דין; אַ מיינונג — ניט קיין פּסק־דין.

# מעלות

די וואָס באַזיצן אַ סך פעלערן קענען ניט געפינען אינעם אַנדערן קיין מעלות.

ווו מען איז פאַראינטערעסירט פעלערן צו געפינען, דאָרט קען מען שוין קיין מעלות ניט געפינען.

שווער צו געפינען דעם אַנדערנס מעלות און שווער צו געפינען אייגענע חסרונות.

אונדז ערגערן מער די מעלות פון אונדזערע שונאים ווי די חסרונות פון אונדזערע פריינד.

פאַרשטעלן איינעם מיט אַלע מעלות איז אָדער אַ נאַרישע אי־בערטרייבונג אָדער צביעות.

מען דאַרף זיין קלוג יענעמס פעלערן צו געפינען און גרויס — יענעמס מעלות צו אָנערקענען.

אויף געבאָרענע מעלות איז ניט צו פרעגן קיין שאלות.

## מענטש

ניט נאָר קענען מיר גוט ניט זען דעם מענטשן וואָס שטייט ווייט פון אונדז, נאָר אויך דעם וואָס שטייט צו נאָענט צו אונדז.

ס׳איז לייכטער צו דערקענען אַ מענטשן לויט זיין שפּילעוודיקן הומאָר, ווי לויט זיין אָנגעצויגענער ערנסטקייט.

ווייל דער מענטש איז דאָס קליגסטע באַשעפעניש, דעריבער איז ער ניט דאָס פעסטע באַשעפעניש.

ניט אַלץ וואָס איז מענטשלעך אונטער צוויי אויגן איז אויך מענטשלעך אונטער פיר אויגן.

דעם מענטשן איז צו דערקענען אין זיין שאַפן און אין זיין אָפּ־רו. אין זיין שאַפן — וואָס אים באַגייסטערט; אין זיין אָפּרו — וואָס אים אמוזירט.

די מענטשן וועלכע ווירקן אויפן לעבן לאָזן איבער זייערע שפּורן אין לעבן.

מ׳קען זיין דער בעסטער רעדנער און דערביי זיין דער ערגסטער מענטש.

אַ גוטער מענטש מיינט נאָך ניט אַ קלוגער מענטש.

ווי שיין וואָלט היינט געווען דער מענטש ווען ער וואָלט גע־זוכט זיך בעסער צו מאַכן, אַזוי ווי ער זוכט זיך שענער צו מאַכן.

כדי צו דערקענען אַ מענטשן איז ניט גענוג אים צו טרעפן צווישן מענטשן, מען מוז נאָך אים זען ווען ער איז אָפּגעשלאָסן פון מענטשן.

ווען די חיה וואָלט ניט געווען קיין שטומע באַשעפעניש, וואָלט זי געהאַט אַ סך אונדז, מענטשן, פאַרוואָס צו מוסרן.

עס איז ניט גענוג אָפּצושאַצן אַ מענטשן לויט דעם וואָס ער דערציילט פון זיך, מען מוז נאָך הערן וואָס אַנדערע האָבן צו זאָגן וועגן אים.

דווקא דער וואָס פאַרשטייט ניט קיין מענטשן מיינט, אַז ער ווערט פון מענטשן ניט פאַרשטאַנען.

דער מענטש איז מער „ווי" ער טוט, ווי „וואָס" ער טוט.

דער מענטש איז דאָס וואָס ער ליבט און האָסט, וואָס ער אַכט און פאַראַכט.

פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן איז קיין נפקא־מינה ניט פון וועמען דער מענטש שטאַמט אָפּ, נאָר — ווי ער לעבט.

מענטשן היטן זיך איינער פונעם אַנדערן און פאַרגעסן, אַז זיי דאַרפן זיך מער היטן פון זיך אַליין.

דער מענטש איז אפשר ניט אַזוי שלעכט ווי מיר דענקען וועגן אים, ווייל ער קען ניט זיין אַזוי גוט ווי מיר פאָדערן פון אים.

ווילדע מענטשן זיינען ערגער ווי ווילדע חיות.

אַלע מענטשן זיינען פון זעלבן טייג געקנאָטן, אָבער ניט אינעם זעלבן אויוון געבאַקן.

זייער לאַנג האָט געדויערט ביז דער מענטש איז געוואָרן דאָס וואָס ער איז. נאָך לענגער וועט געדויערן ביז דער מענטש וועט ווערן דאָס וואָס ער דאַרף זיין.

ווילסטו וויסן וואָס אַ מענטש איז, הער זיך איין וואָס ער דער־ציילט. ווילסטו וויסן ווי דער מענטש איז, הער זיך איין ווי ער דערציילט.

יעדער מענטש איז מער אָדער ווייניקער אַ שפּיגל פונעם אַנ־דערן, אָבער קיינער קוקט ניט אָן דעם אַנדערן כדי זיך צו זען.

אַ מענטש קען זיך אויפהויבן העכער ווי דער אָדלער און זיך ראָיען אין מיסט ווי אַ וואָרעם.

די מענטשהייט איז ווי אַ זאַמלבוך: איינער איז אַ סקיצע, אַ צווייטער — אַ ראָמאַן, אַ דריטער — אַ ליד, אַ פערטער — אַ דראַ־

מע, אַ פינפטער — אַ וויץ און אַ זיבעטער — אַ שטיק שונד.

אַ מענטש קען יאָ אַמאָל האַנדלען ווי אַ בהמה, אָבער אַ בהמה ווי אַ מענטש, קיינמאָל ניט.

אַ חיה דערקאָנט מען נאָך דער פעל; אַ מענטשן — נאָך דער צונג.

דאָס לעבן מוז שוין האָבן אַ גרייז־גרויע פאַרגאַנגענהייט, אַז די נאַטור האָט געקענט אויסבילדן אַזאַ פּראָדוקט ווי דער מענטש.

ס'איז מעגלעך צו מאַכן אַ מענטשן פאַר אַ חיה, ס'איז אָבער אוממעגלעך צו מאַכן אַ חיה פאַר אַ מענטשן.

צוויי סאָרטן מענטשן איז שווער צו פאַרטראָגן: די וואָס זיינען אָן זאַלץ און די וואָס זיינען צו געזאַלצן.

ווען דער מענטש וואָלט געוווּסט די אַלע סודות וואָס ליגן אין אים, וואָלט פאַר אים ניט געווען קיין רעטעניש אין דער וועלט.

אַ פויגל דערקענט מען נאָך זיינע פעדערן; אַ מענטשן — נאָך זיינע מעשים.

ליב האָבן די מענטשהייט מיינט נאָך ניט דינען דער מענטש־הייט.

פרוכטן וואָס וואַקסן אין שאָטן זיינען ניט געשמאַק. מענטשן וואָס לעבן אין איינזאַמקייט זיינען ניט אינטערעסאַנט.

ניט יעדער וואָס האָט אַ מענטשלעך פּנים האָט אויך אַ מענטש־לעך האַרץ.

רעליגיעזע מענטשן לעבן פאַר גאָט. גרויסע מענטשן — פאַר דער וועלט. עגאָיסטישע מענטשן פאַר זיך און קאַרגע מענטשן — פאַר קיינעם ניט.

דער מענטש וואָס האָט די מאַשין געשאַפן, ווערט פון איר געצוווּנגען ווי אַ מאַשין צו לעבן.

וואָס מער אַ מענטש זוכט זיך צו פאַרשטעלן, אַלץ לייכטער איז אים צו דערקענען.

ווען יעדער מענטש וואָלט געוווּסט זיין ריכטיקן פּלאַץ און פאַר־נומען זיין ריכטיק אָרט, וואָלטן ניט געווען אינעם לעבן אַזוי פיל פאַרבלאָנדזשעטע מענטשן.

דער מענטש איז דער הערשער איבער זיין גורל און דער קנעכט פון זיין סביבה.

צווישן מלאך און טייוול שטייט דאָס באַשעפעניש וואָס הייסט מענטש.

עפּיזאָדן וועגן גרויסע מענטשן באַחנען און דערגאַנצן די כאַ־ראַקטעריסטיק פון זייער גרויסקייט.

העלדישע מענטשן ווייזן אַרויס זייער העראָיזם בלויז אין גרוי־סע און אויסערגעוויינלעכע מאָמענטן. שוואַכע מענטשעלעך ווייזן אַרויס זייער שוואַכקייט אַלעמאָל און אומעטום.

קליינע מענטשעלעך שטעלן זיך אָן גרעסער, כדי מ'זאָל זיי האַלטן גרעסער. זיי געווינען אָבער פון דעם גאָרניט, ווייל דווקא אין דעם דערזעט מען זייער קליינקייט נאָך דייטלעכער.

אַ גרויסער טיראַן וואַרפט אויף אונדז אַרויף שרעק. אַ גרויסער מענטש רופט ביי אונדז אַרויס רעספּעקט.

יעדער מענטש איז מיט פעלערן. גרויסע מענטשן זוכן פון זיי זיך צו באַפרייען, קליינע מענטשן בלייבן ביי זיי.

ווילסטו וויסן וועגן אַ מענטשן, מוזסטו וויסן ווער עס האָט אים ליב און ווער עס האָט אים פיינט.

ווען אַ קליין מענטשל אַפּלאָדירט אַ גרויסן מענטשן איז ער מיט דעם אויסן מע זאָל אים דערפאַר אַפּלאָדירן.

קליינע מענטשעלעך אַפּלאָדירן אָפט גרויסע מענטשן, כדי מען זאָל מיינען, אַז זיי פאַרשטייען זיי.

גרויסע מענטשן קענען זיך צופּאַסן אַפילו צו קליינע קינדער, אָבער ניט צו קליינע מענטשעלעך.

גרויסע מענטשן רופן אַרויס גרויסע פּאַסירונגען, און גרויסע פּאַסירונגען ברענגען אַרויס גרויסע העלדן.

אַ שיף בייגט זיך נאָך די כוואַליעס פון ים. אַ מענטש — נאָך די אומשטאַנדן פון לעבן.

טרוקענע בלעטער דרייען זיך נאָך דעם ווינט. לייכטזיניקע מענטשן — נאָך זייערע ליידנשאַפטן.

# מענטשהייט

די מענטשהייט באַשטייט פון דריי טיילן: איין טייל וואָס נעמט און שרייט. אַ צווייטער טייל, וואָס נעמט און שווייגט, און אַ דריטער טייל, וואָס גיט און קריגט גאָרניט.

מאַן און פרוי זיינען די צוויי העלפטן פון דער גאַנצער מענטשהייט.

טראָגן דעם נאָמען „מענטש" מיינט נאָך ניט האַנדלען ווי אַ מענטש אָדער זיין אַ מענטש.

די מענטשהייט איז אַ גרויסע ביבליאָטעק, וואָס בלויז געציילטע עקזעמפּלאַרן פאַרדינען אייביק געלייענט צו ווערן און צו לערנען פון זיי.

די מענטשהייט איז אַ גרויס בוך מיט אַ סך בלעטער, וואָס יעדער מענטש איז אַ באַזונדער בלאַט, אָבער — פון דעם זעלבן בוך.

וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ מער ליבע האָט ער פאַר דער מענטשהייט.

# מענער

פילע מענער טוען אָן דער פרוי אַ שטריק אויפן האַלדז מיט אַ דימענט־רינג אויפן פינגער.

מענער ווערן אָפּגעשאַצט לויט דעם מיט וועמען זיי פאַרברענגען. פרויען — לויט דעם ווער עס פאַרברענגט מיט זיי.

אַ מאַן ווירקט אויף דער פרוי מיט זיין קראַפט. די פרוי אויף דעם מאַן — מיט איר שוואַכקייט.

מענער וואָס פאַרשטייען ניט די שפּראַך פון פרויען־אויגן, קענען ניט לייענען קיין פרויען־געדאַנקען.

מענער זיינען דרייסטער; פרויען — פאַרזיכטיקער.

פילע מענער האָבן אַ טעות: באַזיצנדיק מער פיזישע קראַפט פאַר דער פרוי, גלויבן זיי, אַז זיי באַזיצן אויך מער פאַרשטאַנד פאַר דער פרוי.

אַ מאַן רעדט מער מיטן מויל; אַ פרוי — מער מיט די אויגן.

דער מאַן זוכט אין דער פרוי מיטהילף; די פרוי אין דעם מאַן — שוץ.

אַ פרוי אָן אַ מאַן פילט זיך עלנט. אַ מאַן אָן אַ פרוי — הילפ־לאָז.

וואָס אומזיכערער אַ מאַן איז מיט זיין פרויס טרייהייט, אַלץ פאַרזיכטיקער איז ער זי ניט צו פאַרראַטן.

דאָס וואָס דער מאַן קריטיקירט אַזוי שטאַרק די פרוי איז ניט אַזוי דערפאַר, וואָס ער וויל זי פאַרבעסערן, נאָר צו באַווייזן, אַז ער איז אַ חכם.

## משל

אַ פאַלשער משל איז פסול.

אַ משל ווערט געבראַכט צו מאַכן פאַרשטענדלעכער די גראַד־קייט פון נמשל. אַן אַנעקדאָט ווערט דערציילט בעסער צו באַווייזן די קרומקייט פון נמשל.

משל און נמשל איז די הייראַט פון צוויי עפּיזאָדן וואָס מען דאַרף זיין אַ גוטער שדכן צו קענען ריכטיק זיי צוזאַמענפּאָרן.

אַ שוסטער גיט אַ משל פון אַ פּאָר שיך. אַ שניידער — פון אַ פּאָר הויזן.

פון אַ משל פאַרשטייען מיר בעסער דעם נמשל און אויך דעם וואָס ברענגט דעם משל.

# נ.

## נאַטור

דער מענטש אַלס פּראָדוקט פון דער נאַטור איז מיט זיינע חושים באַגאַבטער פון דער רויער נאַטור. ער קען אָבער ניט זיין און ניט ווערן שטאַרקער פון דער נאַטור.

די נאַטור איז אייביק אין איר פּראָצעס פון שאַפן און צעשטערן, כדי די עקזיסטענץ צו באַנייען און באַלעבן.

די נאַטור פאַרטראָגט ניט אַלטקייט און קראַנקייט, און וואָס זי קען ניט גוט אָדער בעסער מאַכן, צעשטערט זי פאַר באַנייונג און באַלעבונג.

די נאַטור פאָדערט מען זאָל זי שטודירן און פאַרשטיין, און וואָס זי באַפעלט און פאָדערט פון אונדז מוזן מיר איר נאָכפאָלגן און אויספאָלגן.

דער מענטש ווייסט, אַז די נאַטור האָט אים געשאַפן, ער קען אָבער ניט פאַרשטיין ווי זי האָט אים געשאַפן.

וואָס פאַרשטענדלעכער דער מענטש איז צו דערפאָרשן די נאַטור, אַלץ מער ווייסט ער, אַז ער פאַרשטייט ניט די נאַטור.

נאַטור־געזעצן זיינען שטאַרקער פון מענטשלעכע געזעצן.

פאַר דעם גלויביקן איז די נאַטור געטלעך. פאַר דעם אומגלויביקן — נאַטירלעך.

מיר זיינען געבאָרן פון דער נאַטור. מיר לעבן מיט דער נאַטור און מיר מוזן האַנדלען לויט דער נאַטור.

די געזעצן פון דער נאַטור זיינען אַזוי שטאַרק, אַז אַפילו די נאַטור אַליין קען זיי ניט פאַרניכטן.

די נאַטור איז פאַר אונדז ווען מיר זיינען מיט איר. זי איז קעגן אונדז ווען מיר זיינען קעגן איר.

„מען קען פון זיך ניט אַנטלויפן" און פון דער נאַטור זיך ניט באַהאַלטן.

די נאַטור נעמט ניט קיין וואַקאַציע.

די נאַטור איז געוואַלדיק געדולדיק, דערפאַר האָט זי אַזאַ גע־וואַלדיקן דערפאָלג.

אַלץ מיט וואָס מיר זיינען פון דער נאַטור געבענטשט האָט זיין אויפגאַבע אונדזער לעבן צו דינען און באַשיצן, אָבער אָן שכל און וויסן ווערן די נאַטור־ברכות פאַרוואַנדלט אין קללות.

וואָס מער דער מענטש גריבלט זיך אין זיין עקזיסטענץ, אַלץ ווייניקער פאַרשטייט ער די נאַטור וואָס האָט אים געשאַפן.

די נאַטור איז דער בעסטער דאָקטער און דער בעסטער אַפּ־טייקער.

די נאַטור קען באַגיין מאָרד, אָבער ניט קיין זעלבסטמאָרד.

באַשאַפן קען נאָר די נאַטור. מיר קענען נאָר זי באַוווּנדערן.

וואָס מער מיר באַקענען זיך מיט דער נאַטור, אַלץ ווייניקער גלויבן מיר אין איבערנאַטירלעכקייט.

שווער צו זאָגן אויב די נאַטור ווערט אין לויף פון איר אייבי־קייט רייכער אָדער אָרעמער, באַנקראָטירן אָבער קען זי געוויס ניט.

וואָס מער מיר שטודירן די נאַטור צו באַהערשן, אַלץ מער גע־פינען מיר אויס, אַז מיר זיינען אָפּהענגיק פון איר.

די נאַטור איז דער קוואַל פון לעבן, וואָס קען קיינמאָל ניט ווערן אויסגעשעפּט אָדער אויסגעטריקנט, כדי אָפּצושטעלן דאָס לעבן.

די נאַטור שאַפט בלינד, אָבער צו זען ווי זי שאַפט איז אויך דער מענטש בלינד.

די נאַטור איז גאָרניט שולדיק ווען מיר האָבן ניט גענוג שכל און וויסן מיט איר זיך צו באַנוצן צום גוטן.

מען קען קעגן דער נאַטור קעמפן, מ׳קען זי אַפילו באַהערשן, אָבער ניט גענצלעך באַזיגן.

באמת גלייכפאָרמיק קענען זיין נאָר מאַשין־פּראָדוקטן, אָבער ניט נאַטור־פּראָדוקטן.

אַז מען איז אומוויסנדיק אין נאַטור, איז מען אַן עם־הארץ אין לעבן.

די נאַטור איז געניאַל שטאַרק ביים שאַפן לעבן און גרויזאַם שטאַרק ביים צעשטערן לעבן.

ווען מען זינדיקט קעגן דער נאַטור, קען מען קעגן איר שטראָף ניט אַפּעלירן.

די נאַטור קען שאַפן אָבער ניט דענקען. ווען זי וואָלט געקענט אויך דענקען, וואָלט זי ניט געקענט אַזוי פיל שאַפן.

דאָס געזעץ פון לעבן איז דאָס געזעץ פון דער נאַטור.

# נאָמען

אַ נאָמען מיינט טאַקע גאָרניט, אָבער אַ דערוואָרבענער נאָמען מיינט אַ סך.

די בעסטע ירושה איז איבערצולאָזן אַ גוטן נאָמען.

נאָך אַ גוטן נאָמען העלפט ניט זיך יאָגן, דאָס מוז מען פאַרדינען.

דער נאָמען וואָס מען קריגט ביים געבוירן ווערן זאָגט נאָר ווי דער מענטש הייסט. דעם נאָמען וואָס מען מאַכט זיך שפּעטער אין לעבן זאָגט שוין ווי דער מענטש איז.

פאַרלירן דעם נאָמען קען נאָר דער וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען.

אַ שלעכטן נאָמען איז שלעכט צו טראָגן. אַ גוטן נאָמען איז שווער צו טראָגן.

אַ גוטן נאָמען איז שווער צו קריגן און לייכט צו פאַרלירן.

ווען אַ מענטש שעמט זיך מיט זיין נאָמען, באַווייזט עס, אַז ער דאַרף זיך שעמען מיט זיך.

מיט דעם ענדערן דעם נאָמען פון אַ זאַך קען מען נאָך ניט ענדערן די זאַך.

עס איז לייכט אַ שיינעם נאָמען זיך צו געבן. עס איז אָבער שווער אַ גוטן נאָמען זיך צו מאַכן.

געלט פאַרלירן מיינט ניט פיל. דעם נאָמען פאַרלירן מיינט אַלץ.

# נאַציאָנאַל

נאַציאָנאַלע קולטור האָט נאָר דאַן איר נאַציאָנאַלן ווערט, ווען זי איז פאָלקסטימלעך, אין דער אייגענער פאָלקסשפּראַך געשאַפן.

אַסימילאַציע איז אויסן צו פאַרהיטן נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן און מאַכט גאָר אָן נאַציאָנאַלע ווונדן.

ליבע, גערעכטיקייט און פרייהייט פרעגן ניט צו וועלכער נאַציע מען געהערט.

# נאַר — נאַראָנים

ווען פון אַ נאַרישקייט לאָזט זיך אויס אַ חכמה, איז עס פאַר דעם קלוגן אַ צופאַל און פאַר דעם נאַר אַן איינפאַל.

אַ נאַר מיט אַ שיין פּנים איז ווי אַ נאַרישער בריוו מיט אַ שיי־נער האַנטשריפט.

אַ חלום קען אַמאָל איבערראַשן מיט אַן אמת און אַ נאַר — מיט אַ חכמה.

אַ נאַר איז אָדער אומגעדולדיק אָדער איינגעשפּאַרט.

וואָס מער דער נאַר איז איינגעגלויבט אין זיך, אַלץ שווערער איז אים אויפצוקלערן.

וואָס מער דער נאַר ליידט פון זיינע נאַרישקייטן, אַלץ מער איז ער איינגעשפּאַרט זיי צו באַגיין.

דעם נאַר דאַרף מען איגנאָרירן, אָבער ניט לאָזן אים קריכן אויפן קאָפּ.

אַ נאַר איז ערגער פון אַ בלינדן. אַן עקשן — ערגער פון אַ טויבן.

דער נאַר איז איינגעשפּאַרט, גלויבנדיק אַז ער איז גערעכט. דער עקשן איז איינגעשפּאַרט אַפילו ווען ער ווייסט אַז ער איז אומגע־רעכט.

אַ נאַר קען אָנשרייבן אויף דער קלענסטער פּאָסט־קאַרטעלע די גרעסטע נאַרישקייט.

אַז אַ נאַר קריגט אָנגעפּאַטשט פאַר זיין נאַרישער צונג, באַ־קלאָגט ער זיך, אַז מען שלאָגט אים פאַר דעם אמת.

אַז מען איז אַ נאַר אַ גאַנץ יאָר, איז מען אַ נאַר — ביי־יאָר.

האָבן מיר צו טאָן מיט אַ גוטן נאַר, האָבן מיר אויף אים רח־מנות. האָבן מיר צו טאָן מיט אַ שלעכטן נאַר, איז אויף אונדז אַ רחמנות.

לערנען קען אַ קלוגער אויך פון דעם נאַר, אָבער ניט ביי דעם נאַר.

ביי דעם נאַר איז אַ קלוגער יעדער וואָס לויבט אים ווי אַ חכם און אַ גוטער יעדער וואָס קען אים פאַרטראָגן.

לייכטזיניקייט געהערט צו אַ שוואַכן כאַראַקטער. נאַרישקייט — צו אַ שוואַכן פאַרשטאַנד.

אויב ס'איז צו באַדויערן דעם נאַר, איז מער צו באַדויערן דעם קלוגן, וואָס מוז לעבן מיט דעם נאַר.

ביי אַ באַנקעט און ביי אַ לוויה זאָל מען אַ נאַר ניט געבן דאָס וואָרט, ווייל ער קען נאָך אַרויספּלאַפּלען דעם אמתן אמת.

אַמאָל בלייבט אַ נאַר אַ חכם, ווייל אים האָט אָפּגעגליקט אַ נאַרישקייט. אַמאָל בלייבט אַ משוגענער אַ העלד, ווייל אים האָט אָפּגעגליקט אַ משוגעת.

קלוגע מענטשן באַקלאָגן זיך, אַז זיי פאַרשטייען ניט די וועלט. נאַרישע מענטשן באַקלאָגן זיך, אַז די וועלט פאַרשטייט זיי ניט.

ווען אַ נאַר ווישט אָפּ די נאָז, פאַרשמירט ער זיך דאָס גאַנצע פּנים.

ווען אַ נאַר טוט אָפּ אַ משוגעת, איז עס ביי אים גאָר אַ חכמה.

דער נאַר וואָס זוכט פּאָפּולאַריטעט ווערט פּאָפּולער, אָבער — אַלס נאַר.

אַ נאַר קען ניט מאַכן אַ קלוגן נאַריש. ער קען אָבער אים מאַכן משוגע.

אַז מ'זאָגט אַ נאַר אַרויסצוגיסן די זויערמילך, גיסט ער אַרויס אויך די סמעטענע.

ווען אַ נאַר טוט אָפּ אַ חכמה איז עס אַ משוגעת.

אויך אַ נאַר קען אַמאָל דערזען דעם אַנדערנס נאַרישקייט. אַ קלוגער אָבער דערזעט אויך זיינע נאַרישקייטן.

אַז אַ נאַר וויל גוטמאַכן אַ נאַרישקייט מאַכט ער זי נאָך גרע־סער.

אַז צוויי נאַראָנים קומען זיך צוזאַמען גייען זיי זיך פונאַנדער מיט צעבלוטיקטע נעזער.

ווו דער נאַר בלייבט דער קלוגער, דאָרט בלייבט דער קלוגער — דער נאַר.

דער קליגסטער מאַכט אַמאָל אַ טעות. דער נאַר איז אַליין אַ טעות.

ווען אַ נאַר ווערט אַ שלום־מאַכער צווישן ברוגזע פריינד, מאַכט ער זיי פאַר אמתע שונאים.

ס'איז קליגער דעם נאַר איינצונעמען ווי נאָכצוגעבן; נאָכצוגעבן ווי מיט אים זיך צו קריגן.

פאַראַן מענטשן וואָס זיינען באמת גאָרנישט קיין נאַראָנים, נאָר זיי האָבן פשוט ליב זיך צו מאַכן נאַריש.

מען דאַרף זיין זייער קלוג צו קאָנען אויסקומען מיט אַ נאַר, אָבער קאָנען גוט לעבן מיט אַ נאַר דאָס קען שוין אַפילו דער גרעס־טער חכם ניט באַווייזן.

ביים אויסקומען מיט אַ נאַר קומט אויס אַמאָל דעם קלוגן זיך צו באַנאַרישן.

דער חצוף שטופּט זיך פאָרויס, דער קאַליקע קריכט נאָך און דער נאַר פּלאָנטערט זיך צווישן ביידן.

אַמאָל איז געזינטער צו זיין אַ נאַר און אַמאָל איז קליגער זיך צו מאַכן פאַר אַ נאַר.

אַז מ'זאָגט אַ נאַר אַ קלוגע זאַך, מיינט ער, אַז מ'וויל אים אריינגנאַרן און ער טוט עס פאַרקערט.

אַז דער מזל קומט צום נאַר, מאַכט ער אים פאַר אַ שלימזל.

דער נאַר איז ערגער פון אומוויסנדיקן, ווייל דער נאַר לערנט ניט פון פּראַקטיק און דערפאַרונג.

דער טויבער מיינט אַז מ'הערט אים ניט גוט און דער נאַר — אַז מ'פאַרשטייט אים ניט גוט.

מזל פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל אויך צום נאַר. דער נאַר, אָבער, טרייבט אים אַוועק אָדער אַנטלויפט פון אים.

אַז ס'הייבט אָן רעגענען באַזינט זיך ערשט דער נאַר צו באַגיסן דעם גאָרטן.

אַ נאַר פרעגט אַן עצה ווען ער האָט שוין די נאַרישקייט אָפּ־געטאָן.

אַ שווינדלער איז שווער צו גלויבן; אויף אַ נאַר איז שווער אויסצורעכענען.

ס׳איז לייכטער צו מאַכן פון אַ חכמה אַ נאַרישקייט, ווי פון אַ נאַרישקייט אַ חכמה.

אַ נאַרישער פריינד איז אַמאָל ערגער ווי אַ קלוגער שונא, פונקט ווי אַ נאַרישער אמת קען זיין ערגער ווי אַ קלוגער ליגן.

ווען אַ קלוגער טוט אָפּ אַ חכמה איז צו לאַכן. ווען אַ נאַר טוט אָפּ אַ חכמה איז צו וויינען.

ווען אַ נאַר מאַכט זיך פאַר אַ חכם דאַרף מען זיין נאָך אַ גרע־סערער נאַר אים צו האַלטן פאַר אַ חכם.

ווען אַ נאַר זאָגט אפילו אַ חכמה זאָגט ער עס אַרויס ווי אַ נאַ־רישקייט.

ווען אַ קלוגער טוט אָפּ אַ נאַרישקייט איז עס אַמאָל אַ טעות. ווען אַ נאַר מאַכט אַ טעות איז עס אַמאָל אַ חכמה.

אַז מען לעבט ווי אַ נאַר שטאַרבט מען ווי אַ נאַר.

מיט אַ נאַר טאָר מען זיך ניט חכמהנען, און מיט אַ משוגענעם — זיך ניט שפּילן.

אַ נאַר קען אויספאָרן זען די גאַנצע וועלט און דאָך ניט זען וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

אַ נאַר קען זיך אַמוזירן צווישן נאַראָנים, אָבער ניט צווישן חכמים.

ווער עס מיינט, אַז ער נאַרט די וועלט, דער איז גענאַרט ביי זיך און איז דער נאַר פון דער וועלט.

געוויסע נאַראָנים ווערן געליבט פאַר זייערע נאַרשיקייטן און געוויסע חכמים ווערן געהאַסט פאַר זייערע קלוגשאַפטן.

ווען אַ נאַר דערציילט אַ חכמה קומט זי ביי אים אַרויס נאָך נאַרישער, ווי ער וואָלט זאָגן אַ נאַרישקייט.

איינער איז אַ נאַר פאַר זיך. אַ צווייטער — פאַר דעם אַנדערן.

אַ נאַר קען נאָר דאַן טאָן אַ קלוגע זאַך ווען ער מאַכט אַ טעות.

„אַ נאַר איז גליקלעך", זאָגט די וועלט. דאָך איז שווער צו גע־פינען אַ חכם, וואָס זאָל דעם נאַר מקנא זיין.

מען קען זיין אַ קלוגער און דאָך לעבן ווי אַ נאַר. מען קען אָבער ניט לעבן ווי אַ קלוגער ווען מען איז אַ נאַר.

אַ נאַר קען אונדז אַמאָל מאַכן לאַכן און אַמאָל — וויינען.

דער נאַר איז פעיקער צו מאַכן פון אַ חכמה אַ נאַרישקייט, ווי דער חכם צו מאַכן פון אַ נאַרישקייט אַ חכמה.

אַז מ׳לאָזט אַריין אַ נאַר אין גן־עדן מאַכט ער פון אים באַלד אַ גיהנום.

אַפילו אין גן־עדן קריגט דער נאַר געשמיסן.

דער נאַר ברענגט אונדז אָפט אַזוי אַריין אין כעס, אַז מיר קע־נען אַפילו אויף אים קיין רחמנות ניט האָבן.

דער ערגסטער נאַר איז ניט דער וואָס האַלט זיך אויף פאַר אַ חכם, נאָר דער וואָס האַלט, אַז נאַר ער איז אַ חכם.

אַ נאַר איז אַ שלעכטער בעל־הבית. אַ משוגענער איז אַ שלעכטער שכן.

ווען די נאַראָנים וואָלטן פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער וועלט, וואָלטן מענטשן פאַרלאָרן די פעיקייט צו שמייכלען און לאַכן.

ניט אַלעמאָל איז קלוג דעם נאַר נאָכצוגעבן. ס׳איז אָבער אַלע־מאָל קלוג דעם נאַר אויסצומיידן.

ס׳וואָלט גאָרניט אַזוי אויסגעמאַכט וואָס די וועלט האָט אַזויפיל נאַראָנים, ווען דאָס ביסעלע קלוגע וואָלטן כאָטש געלעבט ווי חכמים.

אַ נאַר קען צעברעכן אין איין ווײַלע וואָס דער חכם האָט גע־בויט אין זיין גאַנצן לעבן.

צוויי סאָרטן נאַראָנים זיינען פאַראַן: איינער וואָס רעדט צופיל און דער אַנדערער — צו ווייניק. דער ערשטער זאָגט באַלד אויס וואָס ער איז און דער אַנדערער לאָזט זיך אַביסל שפּעטער דערקענען.

פאַר אַ נאַר איז נישטאָ קיין קלוגע עצה.

אַ נאַר, אַפילו ווען ער טוט שוין ווען אַ קלוגע זאַך, מאַכט ער עס אויך פאַר אַ נאַרישקייט. אַ שלעכטער, ווען ער טוט שוין ווען אַ טובה, מאַכט ער עס אויך פאַר אַ רעה.

דעם שלימזל קענט איר אונטערוואַרפן אַ בייטל מיט געלט וועט ער עס ניט זען. דעם נאַר קענט איר געבן אַ בייטל מיט געלט וועט עס באַלד ניט ווערן.

אַ נאַר טוט אונדז אָפט אָן מער צרות מיט זיין גוטסקייט ווי מיט זיין שלעכטסקייט.

אַז מען חכמהט זיך מיט אַ נאַר מאַכט מען זיך נאַריש.

זיך רייצן מיט אַ נאַר איז ניט קיין געלעכטער, נאָר אַ נאַריש־קייט.

ווען אַ האָן קרייט ענטפערט אים אַ צווייטער האָן. ווען אַ נאַר פּלאַפּלט ענטפערט אים אַ צווייטער נאַר.

די הויפּט־צרה פון דעם נאַר איז וואָס ער ווייסט ניט, אַז ער איז אַ נאַר.

צרות זיינען דער בעסטער לערער. דער נאַר איז דער ערגסטער תלמיד.

דער נאַר איז דער איינציקער קאַליקע וואָס ווייסט ניט, אַז ער איז אַ קאַליקע.

דאָס וואָס ווערט אַזויפיל געשריבן וועגן נאַראָנים איז ניט קליגער צו מאַכן די נאַראָנים, נאָר צו אַמוזירן די חכמים.

## נאַרישקייט

די וועלט ליידט מער פון נאַרישקייט, ווי פון שלעכטסקייט.

דער קליגסטער תירוץ איז נאַריש ווען ער וויל פאַרענטפערן אַ נאַרישע טאַט.

ווען פון אַ נאַרישקייט לאָזט זיך אויס אַ חכמה איז עס אַלץ אַ נאַרישקייט.

כדי צו קריגן דעם טיטל „חכם״ באַגייען אָפט מענטשן די גרעס־טע נאַרישקייטן.

אַ נאַר מוז אָפּטאָן אַ משוגעת כדי מודה צו זיין, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט.

די נאַרישקייט פון אַ חכם האָט מער חכמה ווי די חכמות פון אַ נאַר.

נאַרישקייט מאַכט פון מעלות חסרונות, פון מזל — שלימזל.

אַפילו מיט קלוגשאַפט זיינען מיר ניט אַלעמאָל זיכער. דאָס וואָס היינט איז עס אַ חכמה קען מאָרגן זיין אַ נאַרישקייט.

איין נאַרישקייט פירט צו אַ צווייטער און זיי ביידע — צו אַ דריטער.

די טעמע פון נאַרישקייט וועט קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט ווערן, ווייל דער קוואַל פון נאַרישקייט וועט קיינמאָל ניט אויסגעטריקנט ווערן.

נאַרישקט איז ביים נאַר אַזוי טייער אַז ער קען צוליב איר מיט זיין גאַנצן לעבן באַצאָלן.

נאַרישקייט פאַרשטייט ניט קיין פעלערן. ליבע זעט ניט קיין פעלערן.

בעסער צו ליידן פון קלוגשאַפט איידער זיך צו אַמוזירן פון נאַרישקייט.

ווערן אין כעס צוליב אַ נאַרישקייט איז ערגער ווי זאָגן אַ נאַ־רישקייט.

ווען פון אַ נאַרישקייט לאָזט זיך אויס אַ חכמה, איז עס אַ גע־לונגענע נאַרישקייט. ווען פון אַ חכמה לאָזט זיך אויס אַ נאַרישקייט, איז עס אַן אומגעלונגענע חכמה.

ווער ס׳קען ניט פאַרטראָגן אַ נאַרישקייט איז אַ שוואַכלינג. ווער ס׳קען ניט פאַרטראָגן אַ וויץ איז אַ נאַר, און ווער ס׳קען ניט פאַרטראָגן אַ חכמה איז גלאַט אַ שוטה.

מענטשן ליידן צוליב אייגענער נאַרישקייט און אויך צוליב דעם אַנדערנס נאַרישקייט.

אַ קלוגער רעדט אַמאָל אַרויס אַ נאַרישקייט און אַ נאַר — אַ חכמה.

הערן נאַרישקייט איז נודנע. רעדן נאַרישקייט איז פּאַסקודנע.

נאַרישקייט האָט ניט קיין גרענעץ. דעריבער קען מען דעם נאַר טרעפן אומעטום.

ווען אַ נאַר גייט אָפּטאָן אַ חכמה איז זיך מער צו שרעקן ווי ווען ער גייט אָפּטאָן אַ נאַרישקייט.

נאַרישקייט איז ערגער פון אומוויסנהייט. אומוויסנהייט קען כאָטש לערנען פון דערפאַרונג, נאַרישקייט אָבער לערנט גאָרניט.

## נבואה

נביאות איז אמאל פארגעפיל. דאס מערסטע מאל — נארישקייט.
נביאות האט ניט צו טאן מיט בקיאות. בקיאות — מיט חריפות.

## נגיד

דער גוטער האט זיין אוצר אין הארצן. דער דענקער אין קאפ און דער נגיד — אין קעשענע.

## נדבות

בעסער צו נעמען נדבות ווי צו לייען און בארגן און ניט באצאלן.

ס'איז זייער ביטער אנצוקומען צו נדבות. ווערט מען אבער צוגעוווינט צו דעם איז שווער זיך צו שיידן מיט דעם.

ביי א נדבה קוקט מען מער אויף דער גרויסקייט. ביי א מתנה קוקט מען מער אויף דער הארציקייט.

## נודניק

כדי פטור צו ווערן פון א נודניק איז דער בעסטער מיטל אים צוביינדן צו א צווייטן נודניק.

דער ערגסטער רעדנער איז א נודניק. ער רעדט א סך און זאגט גארניט.

## נויט

די נויט לויפט צום אויסברעכער און אנטלויפט פון דעם שפארזאמען.

## נוצלעכקייט

מאמענטאלע ווערטן ליגן אין מאמענטאלער נוצלעכקייט. אייביקע ווערטן — אין אייביקער נוצלעכקייט.

## נסים

צופאַל קען זיין אַ גוטער גאַסט און אַ שלעכטער גאַסט. אַ נס איז אַלע מאָל אַ גוטער גאַסט.

מ'קען אַמאָל בלייבן לעבן צוליב אַ נס. מיר קענען אָבער ניט לעבן מיט נסים.

נסים זיינען זעלטענע צופאַלן וואָס טרעפן זיך גינסטיק צוזאַמען מיט די נייטיקע מאָמענטן פון געפאַר.

אַן אומגליק איז אַ שלעכטער צופאַל. אַ נס — אַ גליקלעכער צופאַל.

נסים ווייסן ניט ווען זיי טרעפן.

אַ שלימזל העלפט ניט אַפילו קיין נס.

אַ גוטער צופאַל איז אַ נס. אַ שלעכטער צופאַל איז אַן אומגליק.

נסים טרעפן זיך זעלטן. ווען זיי וואָלטן זיך אָפט געטראָפן וואָלטן זיי קיין נסים ניט געווען.

## נקמה

נקמה איז גרויזאַם און ווייסט ניט פון קיין געוויסנביסן.

נקמה איז דאָס גרויזאַמסטע און דאָס זיסטע.

## נשמה

גאָלדענע מענטשן זיינען ניט יענע, וועמענס נשמה איז באַפוצט מיט גאָלד, נאָר יענע, וועמענס נשמה איז באַפוצט מיט מענטשלעכע גוטע מעשים.

אין לעבן איז דער מענטש דאָס ווי אַזוי ער באַגייט זיך און ווי אַזוי ווי ער האַנדלט, אין דער נשמה — ווי ער פילט און דענקט.

אַ מענטשלעכע נשמה איז ווי אַ פאַרפלאָנטערטער קנויל וואָס לאָזט זיך ניט אויספּלאָנטערן צו קענען געפינען דעם אָנהייב און סוף.

אַ שיינער מענטש מיט אַ מיאוסער נשמה איז ווי אַ שיינע ראָם מיט אַ מיאוס בילד.

אַ רייכע נשמה זוכט ניט קיין רייכע קליידער און אַן אָרעמע נשמה קען מיט קיין רייכע קליידער רייכער ניט ווערן.

אַ קאַלטע נשמה קען אַפילו די זון ניט אָנוואַרעמען.

צעבראָכענע הערצער האָבן צעבראָכענע נשמות. צעבראָכענע נשמות האָבן צעבראָכענע געטער.

נשמות ריידן אָן ווערטער.

אַ קראַנקער קערפּער איז לעסטיק. אַ קראַנקע נשמה איז אומדערטרעגלעך.

פון אַ קראַנקן קערפּער מוז מען זיך אָפּרוקן. פון אַ קראַנקער נשמה — אַנטלויפן.

די נשמה זאָרגט אויך פאַר דעם קערפּער. דער קערפּער פאַר דער נשמה — קיינמאָל ניט.

די רייכסטע נשמה איז פאַר אונדז פאַרשלאָסן, ווען זי האָט ניט די שליסלען פון טאַלאַנט זיך אויפצושליסן.

# ס.

## סאַטירע

הומאָר קען געווינען אַפילו דעם טייוול. סאַטירע קען פאַרניכטן אַפילו דעם טייוול.

וואָס זאַלץ און פעפער זיינען פאַר שפּייז, דאָס זיינען הומאָר און סאַטירע פאַר ליטעראַטור.

הומאָר און סאַטירע זיינען די קריטיק פון לעבן, מיט דעם אונטערשייד, וואָס הומאָר טראָגט אויף זיך אַ פריינדלעכן שמייכל און סאַטירע — אַ ביטערן.

קעגן די פיילן פון הומאָר און סאַטירע איז אַפילו דער מעכטיקסטער הערשער אָנמעכטיק.

## סחורה

ווען מען האָט גוטע סחורה דאַרף מען די קונדן ניט שלעפּן.

## סימבאָלן

רעליגיעזע סימבאָלן ווערן אָפט מער פאַרהייליקט ווי דאָס וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר.

סימבאָלן זיינען שפּראַכלאָזע אויסדרוקן וואָס זייערע איינדרוקן זיינען אָפט שטאַרקער פון ווערטער.

# ע.

## עבירה

אַמאָל באַגייט מען אַן עבירה גלויבנדיק אַז ס'איז אַ מצווה. אַמאָל טוט מען אַ מצווה מיינענדיק אַז ס'איז אַן עבירה.

## עגאָיזם

עגאָיזם זעט נאָך זיך, אידעאַליזם — אויך דעם אַנדערן.

עגאָיסטן און ניט־פאַרגינערס ליידן מער פון דעם וואָס יענער האָט יאָ, ווי פון דעם וואָס זיי האָבן ניט.

עגאָיזם איז צו קורצזיכטיק. אידעאַליזם — צו ווייטזיכטיק.

ווער עס זעט נאָר זיך, דער זעט ניט דעם אַנדערן.

ביי וועמען דער „איך" איז דאָס גאַנצע לעבן, פאַר דעם איז די „אייביקייט" ווי לאַנג ער לעבט.

מיר האָבן פיינט דעם עגאָיסט. מיר האָבן אָבער אויך ניט ליב דעם וואָס האָט זיך פיינט.

עגאָיזם זוכט גליק נאָר פאַר זיך. אידעאַליזם — אויך פאַר דעם אַנדערן.

# עטיק

עטיק איז די לערע פון מאָראַל. מאָראַל איז די דערציונג פון מענטשלעכקייט.

עטיק מאָראַליזירט דאָס מענטשלעכע לעבן. עטיקעט — די געזעלשאַפטלעכע באַציונגען.

# עלטער

די קלוגע עלטער, מעג זי זיין פול מיט לעבנס־דערפאַרונג, מוז זי די יונגע אידעען באַגריסן און מיטגיין מיט דער יוגנט געאַרעמט, כדי זי זאָל ניט לייכטזיניק זיך אַריינלאָזן אין לעבנס־שטורעם.

אַלטקייט איז אַזאַ קראַנקייט וואָס מ׳קען פון איר קיינמאָל ניט געזונט ווערן.

אין דער קינדהייט שרעקן מיר זיך פאַר טויטע מענטשן. ווערן מיר עלטער, הייבן מיר אָן מורא האָבן פאַר לעבעדיקע מענטשן.

דער זעלבער „מאָרגן״, וואָס שמייכלט צו דער יוגנט מיט האָפענונג, שרעקט די עלטער.

די יאָרן וואָס דאָס לעבן האָט שוין צוגענומען, קען שוין קיינער ניט צוריקגעבן.

די עלטער איז ניט קליגער מיט שכל, נאָר מיט דערפאַרונג.

ניט אַלט ווערן ווילן מיר, נאָר דערלעבן די יאָרן וואָס עלטער פאַרמאָגט.

די עלטער איז אַזאַ לעבנס־לייטער, וואָס גייענדיק אַרויף גייט מען גאָר אַראָפּ.

די עלטער איז אַ צוריקגאַנג צו דער קינדהייט. די טראַגיק פון דער עלטער באַשטייט אין דעם, וואָס זי איז אַ פאַריתומטע און אַ לעבנסלאָזע קינדהייט.

„אַלטקייט איז ניט קיין קראַנקייט״, זאָגט די וועלט. דאָך בלייבט קיינער פון דעם ניט לעבן.

אַלט איז דער וואָס קען זיך ניט צופּאַסן צו דער צייט.

אין דער יוגנט וויל מען ווערן געליבט, אין די מיטעלע יאָרן — געריימט און אויף דער עלטער — רעספּעקטירט.

ווען אַן עלטערער מענטש האַנדלט ווי אַ קינד איז ער נאַרישער פון אַ קינד.

אויף דער עלטער ווערט מען ניט קליגער ווי צו לעבן, נאָר — ווי מ׳האָט געדאַרפט לעבן.

מ׳קען די עלטער פאַרלענגערן, אָבער ניט ייִנגער מאַכן.

# עלטערן

ווער עס האָט ניט קיין רעספּעקט פאַר זיינע עלטערן, מיט דעם מעג זיך שעמען אַפילו דער טייוול. ווער עס האָט ניט קיין מיטלייד מיט זיינע עלטערן, פון דעם דאַרף אַנטלויפן אַפילו דער טייוול.

עלטערן זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייערע קינדער, אָבער ניט די קינדער פאַר זייערע עלטערן.

גוטע עלטערן זיינען ניט די, וואָס ליבן זייערע קינדער, נאָר די וואָס דערציִען זיי אַזוי, אַז אַנדערע זאָלן זיי קענען ליבן.

ווילסטו וויסן וועגן אַ מיידל, וואָס פאַר אַ פרוי זי קען דיר זיין, זע וואָס פאַר אַ טאָכטער זי איז צו אירע עלטערן.

די בעסטע עלטערן זיינען די ערגסטע עלטערן ווען זיי ווייסן ניט ווי צו האָדעווען זייערע קינדער.

עלטערן זיינען מחויב צו העלפן זייערע קינדער אַזוי לאַנג ביז זיי קענען זיך שוין אַליין העלפן.

קיין קינד קען ניט מאַכן זיינע עלטערן אַזוי גליקלעך, ווי די עלטערן קענען אים מאַכן אומגליקלעך.

# עלנט

עלנט איז דער וואָס קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט אים, אָבער נאָך עלנטער איז דער, וואָס ער אַליין אינטערעסירט זיך ניט מיט זיך.

ווען מ׳איז עלנט און מ׳האָט ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן, הייבט מען אָן מיט זיך אַליין צו ריידן.

עלנט איז דער וואָס קען מיט מענטשן ניט פאַרברענגען און אומגליקלעך איז דער, וואָס קען מיט זיך ניט פאַרברענגען.

עלנט קען מען זיין אַפילו אין אַ פּאַלאַץ און גליקלעך אַפילו אין אַ קעלער.

ווען מ׳איז עלנט קומט אויס אַליין אויף זיך רחמנות צו האָבן.

## עניוות

אמתע עניוות געהערט צו גרויסקייט; געמאַכטע — צו קליינ־קייט.

## עץ־הדעת

דער עץ־הדעת האָט די פרוי קלוג געמאַכט זיך צו שעמען מיט איר נאַקעטקייט, אָבער ניט מיט איר נאַרישקייט.

באַלד ווי די מוטער חוה האָט פאַרזוכט פון עץ־הדעת האָט זי געקראָגן בושה. אירע היינטיקע טעכטער אָבער, ווי זיי קריגן נאָר דעת, אַזוי באַלד פאַרלירן זיי זייער בושה.

דער ערשטער מענטש צו פאַרזוכן פונעם עץ־הדעת איז געווען די פרוי, דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס די פרוי ווערט אַזוי בייז, ווען מען זאָגט איר, אַז זי איז אָן דעת.

חוה איז געווען די ערשטע צו פאַרזוכן פון עץ־הדעת, דאָך זיי־נען אירע טעכטער הינטערשטעליק אין דעת.

דער מענטש וואָלט ניט אַזוי געליטן פאַר זיין פאַרזוכן פונעם עץ־הדעת, ווען ער וואָלט אים אַזוי אוממענטשלעך ניט געהאַט פאַר־דייעט.

דאָס וואָס אדם און חוה האָבן בעסער אויסגעקליבן צו עסן פון „עץ־הדעת״ ווי פון „עץ־החיים״, באַווייזט, אַז „וויסן״ איז אין אַ געוויסן פּרט טייערער פון לעבן.

די פרוי איז געווען די ערשטע צו פאַרזוכן פון עץ־הדעת, דאָך מיינט דער מאַן, אַז נאָר ער האָט דעת.

חוה, מיט איר פאַרזוכן דעם עץ־הדעת איז געווען די ערשטע צו באַווייזן, אַז נאָכן באַנארישן זיך ווערט מען קלוג.

נאָך דער נאַקעטקייט פון די פרויען איז צו גלויבן, אַז חוה האָט צו ווייניק פאַרזוכט פון עץ־הדעת.

זינט דער טרויעריקער פּאַסירונג מיטן עץ־הדעת זיינען אַלע רע־אַקציאָנערן און רעליגיעזע פאַנאַטיקער קעגן דער וויסנשאַפט און קעגן דער פרוי.

דעת איז דאָס העכסטע, דעריבער איז אַזוי שווער צו דעם צוצו־קומען.

## עצה

ס׳איז קיין וווּנדער ניט וואָס מיר קענען אָפט קיין עצה זיך ניט געבן, ווייל נאָר די עצות גיבן מיר אָוועק צום אַנדערן.

ווען מ׳האָט ניט די מיטלען העלפן ניט קיין עצות.

אָפט נייטיקן מיר זיך אין אַן עצה — ווען צו פרעגן אַן עצה.

## עקשנות

עקשנות איז אַ געמיש פון נאַרישקייט און משוגעת.

עקשנות איז די גרעסטע מעלה ביים חכם און דער גרעסטער חסרון ביים נאַר.

עקשנות מאַכט דעם טאַלאַנט פאַר אַ קינסטלער און דעם טאַ־לאַנטלאָזן — פאַר אַן איינגעשפּאַרטן נאַר.

עקשנות איז אַמאָל אַן אויסדרוק פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַמאָל — פון אַ שוואַכן שכל.

אַן עקשן האָט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַ שוואַכן פאַרשטאַנד.

## ערלעכקייט

ערלעכקייט און גוטסקייט האָבן ניט פאַר וואָס זיך צו שרעקן און פאַר וועמען מורא צו האָבן.

ערלעכקייט קען גיין מיט אַלעמען, אַפילו מיט נאַרישקייט, אָבער ניט מיט פאַלשקייט.

פון פרום ריידן ביז ערלעך האַנדלען איז אַזוי ווייט, ווי פון לאַ־גיש דענקען ביז קלוג לעבן.

ערלעכקייט קוקט גלייך אין די אויגן. פאַלשקייט לאָזט אַראָפּ די אויגן.

ערלעכקייט געווינט צוטרוי; גוטסקייט — פריינדשאַפט.

כדי צו זיין ערלעך צום אַנדערן, מוז מען צוערשט זיין ערלעך צו זיך.

אַן ערלעך פּנים איז ניט גענוג. מען מוז נאָך האָבן אַן ערלעך האַרץ.

ערלעכקייט קען מען ניט קויפן און לאָזט זיך ניט פאַרקויפן.

## עשרת הדברות

1. זיי ניט שלעכט, אַפילו ווען דו ביסט געקרענקט.
2. פון אַ שלעכטן רוק זיך אָפּ. פון אַ נאַר — אַנטלויף.
3. זוך ניט אַ געפאַר בייצוקומען, ווען דו קענסט זי אויסמיידן.
4. זוך ניט דיין שונא צו באַזיגן, אויב דו קענסט אים מאַכן פאַר אַ פריינד.
6. זיי ווויליטעטיק, אָבער גיב אַוועק דאָס לעצטע.
7. זיי צו יענעם טאָלעראַנט, אָבער לאָז זיך ניט באַהערשן.
8. דאַנק דיין פריינד פאַר זיין טובה, אָבער קוש אים ניט די האַנט ווי אַ בעטלער.
9. מייד אויס דעם לץ און דעם בטלן; זיי נעמען צו דאָס נייטיקסטע און טייערסטע — רו און צייט.
10. טראָג הויך די פאָן פון פרייהייט און רעכט. ווייס אַז דאָס שענדלעכסטע איז צו זיין אַ קנעכט.

די „עשרת הדברות" האָבן ניט קיין הקדמות און נייטיקן זיך ניט אין קיין הסכמות.

די „עשרת הדברות" זיינען זאַכלעך און קורץ. זיי לאָזן זיך אָבער פיל אויסטייטשן און דערקלערן.

די „עשרת הדברות" זיינען קלאָר און פאַרשטענדלעך אָן משלים.

די גרויסקייט פון די „לוחות" ליגט אין די געציילטע, קורצע „עשרת הדברות".

זיך אָוועקשטעלן אויפן באַרג סיני קען יעדער, אָבער ניט יעדער האָט וואָס צו זאָגן אויף אים.

„די תורה איז די בעסטע סחורה" — זינגט אַ יידיש וויגליד. האַנדלט מען אָבער מיט איר ווי מיט אַ סחורה, הערט זי אויף צו זיין תורה.

ניט משה איז גרעסער געוואָרן מיטן באַרג סיני, נאָר דער באַרג סיני מיט משהן.

אַזאַ באַרג, ווי דער באַרג סיני איז ניט שווער צו געפינען. שווער איז נאָר צו טרעפן אַזאַ משהן, וואָס האָט פּראָקלאַמירט אויפן באַרג סיני די עיקרים פון מענטשלעכער מאָראַל און עטיק — די עשרת הדיברות.

ווען משה וואָלט געוווּסט ווי די מענטשהייט וועט די עשרת־הדיברות מיסהאַנדלען, וואָלט ער ניט נאָר די לוחות צעבראָכן, נאָר אויך דעם באַרג סיני צעריבן.

לערן ניט די תורה אויס מורא, לערן זי צו וויסן, ווי עטישער, מענטשלעכער פון לעבן צו געניסן.



## פּאָעזיע

שפּראַך, ריטם און גראַם זיינען דער גוף פון פּאָעזיע. געפיל און געדאַנק — איר נשמה.

פּאָעזיע איז די מוזיק פון וואָרט. מוזיק איז די נשמה פון וואָרט.

פּאָעזיע איז אַ שיינע אָבער אַ שטומע געטין, וואָס מיט איר קען זיך פאַרשטענדיקן בלויז דער פּאָעט.

פּאָעזיע איז די צאַרטסטע עמפּינדלעכקייט און דער שענסטער אויסדרוק פון מענטשלעכן פילן און דענקען.

אמתע פאָעזיע מוז אַנטהאַלטן פיר עלעמענטן: געפיל, שטימונג, פאַנטאַזיע און געדאַנק.

פאָעזיע איז אַ פאַרחלומטע, שיינע געטין, וואָס אינספּירירט און רעגט אָן נאָר דעם פּאָעט.

## פּאָעטן

קליינע פּאָעטן באַהאַלטן זיך אין דער טונקלקייט פון זייער שפּראַך. גרויסע פּאָעטן ווייזן זיך אַרויס דורך דער קלאָרקייט פון זייער שפּראַך.

דער הומאָריסט מעג זיך דערלויבן אַפּצולאַכן אַפילו פון גאָט אַליין. דער פּאָעט קען זיך דערלויבן אַרויפצופליען אויפן זיבעטן הימל.

דריי צייטן רעגן דעם דיכטער אָן צו דיכטן: ווען ער הייבט אָן דאָס לעבן דערקענען, ווען ער ווערט פונעם לעבן באַגייסטערט און ווען ער ווערט אינעם לעבן אַנטוישט.

אַ גוטער פּאָעט שרייבט אַפילו אין אַ שלעכטן וועטער גוטע לידער. אַ שלעכטער פּאָעט שרייבט אַפילו אין אַ גוטן וועטער שלעכטע לידער.

אַ דיכטער אָן פאַנטאַזיע איז ווי אַ דענקער אָן וויסן.

## פּנים

ווער עס לאָזט זיך שפּייען אין פּנים, דער פאַרדינט עס.

מ׳דאַרף זיין אַ גרויסער מנוול אַנצושפּייען דעם אַנדערן אין פּנים און נאָך דערצו קושן דאָס פּנים.

וואָס דער מענטש איז זאָגט זיין פּנים. די קונסט איז נאָר צו קענען לייענען דאָס פּנים.

ניט יעדער וואָס האָט אַ מענטשלעך פּנים האָט אויך אַ מענטש־לעך האַרץ.

## פּסיכאָלאָגיע

פּסיכאָלאָגיע איז טיפער, אינטערעסאַנטער פון לאָגיק. לאָגיק איז קלערער, פאַרשטענדלעכער פון פּסיכאָלאָגיע.

מען דאַרף זיין אַ גרויסער פסיכאָלאָג צו קענען אַריינדרינגען אין דער נשמהלע פון אַ קליין קינד.

אַן געפיל קען מען ניט זיין פסיכאָלאָגיש. אַן פסיכאָלאָגיע קען מען ניט זיין קלוג.

לאָגיק פאַרשטייט וואָס זי הערט און זעט. פסיכאָלאָגיע אָבער פאַרשטייט אויך וואָס מען פאַרשווייגט.

פאַר פסיכאָלאָגיע רעדן די שטומע אויגן מער ווי די קלינגענ־דיקע צונג.

דער פסיכאָלאָג דערזעט אינעם אַנדערן דאָס וואָס דער אַנדערער אַליין דערזעט ניט אין זיך.

## פעסימיזם

לוסטיקייט איז ניט אַלעמאָל דער שפּיגל פון אָפּטימיזם. אַמאָל איז עס אַ מאַסקע פון פעסימיזם.

פעסימיזם איז אַזאַ קראַנקייט, וואָס אַפילו דאָס געזונטע איז פאַר איר קראַנק.

## פערל

ווי טייער פערל זאָלן ניט זיין קען מען זיי אָבער ניט עסן.

## פּראַקטיק

פּראַקטיק איז אַ קינד פון דערפאַרונג, וואָס איז קליגער פון טעאָריע.

וועגן דער טעאָריע פרעגט דעם געבילדעטן. וועגן דער פּראַק־טיק — דעם דערפאַרענעם.

וואָס טעאָריע ווייסט, ווייסט ניט פּראַקטיק. וואָס פּראַקטיק ווייסט, ווייסט ניט טעאָריע.

דער שכל רעכנט זיך מיט דער טעאָריע. דאָס לעבן — מיט דער פּראַקטיק.

היפּאָטעזן קענען פאַקטן באַלייכטן, אָבער ניט פאַרטרעטן.
טעאָריע צייכנט. פּראַקטיק — מאָלט.

# פאַטער

ניט יעדער וואָס איז אַ גוטער פאָטער צו זיינע קינדער איז אויך אַ גוטער מאַן צו זיין פרוי. ניט יעדער וואָס איז אַ גוטער מאַן צו זיין פרוי איז אויך אַ גוטער מענטש פאַר דער וועלט.

ווילסטו אַלס פאָטער שאַפן רעספּעקט צווישן דיינע קינדער, מוזסטו אָנהאַלטן דעם רעספּעקט צווישן דיר און זייער מוטער.

מ׳קען זיך אויסקלייבן אַ פרוי, אַ מאַן. מ׳קען זיך אָבער ניט אויסקלייבן אַ פאָטער.

אויף קליינע קינדער האָט מער איינפלוס די מוטער. אויף גרוי־סע קינדער — דער פאָטער.

אַ פאָטער מוז שטרענג זיין צו זיין קינד ווי אַ לערער. אַ לערער מוז געטריי זיין צו זיין שילער ווי אַ פאָטער.

מ׳קען ניט זיין קיין גוטער פאָטער צו די קינדער ווען מ׳איז אַ שלעכטער מאַן צו זייער מוטער.

# פאָלק

כדי צו קענען באמת ליבן דאָס אייגענע פאָלק, מוז מען אויך קענען ליבן אַנדערע פעלקער.

אַ פאָלק איז רייך מיט מאַטעריעלע אוצרות און גרויס מיט קול־טורעלע אוצרות.

אַ פאָלק, ווי קליין ס׳זאָל ניט זיין, איז גענוג שטאַרק ניט פאַר־טיליקט צו ווערן ווען עס איז פאַראייניקט.

אַ היימלאָז פאָלק קען מיט טובות ניט געהאָלפן ווערן און מיט פילאַנטראָפּיע ניט לעבן.

אַ פאָלק אָן אַ לאַנד האָט ניט קיין באַשטאַנד.

פאָלקס־ליטעראַטור איז דאָס גייסטיקע פאָטערלאַנד פון אַ פאָלק, וואָס קיין שונא קען עס פון אים ניט צונעמען.

ווער עס קען ניט ליבן דאָס פאָלק, דער קען ניט דינען דאָס פאָלק. ווען ס׳קען ניט לערנען פון פאָלק, דער קען ניט לערנען דאָס פאָלק.

אַ פאָלק וואָס האָט דעם מוט און שטאָלץ צו קעמפן ווי אַ פאָלק, קריגט ענדלעך דאָס רעכט צו לעבן ווי אַ פאָלק.

אַ פאָלק וואָס האָט פיל פעלקער איבערגעלעבט, קען מען לייכט ניט אומברענגען. דאָס שטאַרקסטע פאָלק אָבער קען מיט זיין אומ־אייניקייט זיך לייכט אַליין פאַרניכטן.

יציאת־מצרים באַווייזט, אַז עס איז פיל שווערער צו פאַר־אייניקן אַ פאָלק ווי צו באַפרייען אַ פאָלק, און אַפילו — ווי צו שפאַלטן דעם ים.

אויף דריי זיילן האַלט זיך אַ פאָלק: אויף דעם פאָטערלאַנד, אויף דער מוטערשפּראַך און אויף דער פאָלקס־ליטעראַטור.

אַ גאַנץ פאָלק קען מען אין טורמעס ניט פאַרשפּאַרן. ס׳איז אָבער דאָ אַן אַנדער מיטל: אים האַלטן אין פינצטערניש.

די גרויסקייט פון אַ פאָלק שאַצט מען לויט זיין קולטור, אָבער ניט לויט זיין צאָל.

## פאַלשקייט

ווער עס איז פאַלש דער איז שלעכט. ווער עס איז שלעכט דער איז זינדיק.

פאַלשקייט מאַכט פון פריינד שונאים. ערלעכקייט — פון שונאים פריינד.

פאַלשקייט איז ניט קלוגשאַפט. מען דאַרף אָבער זיין קלוג צו פאַרשטיין פאַלשקייט.

צביעות איז אַזאַ פאַלשקייט וואָס נאַרט אונדז מיט ערלעכקייט און פרומקייט.

קנאה איז דער קוואַל פון שנאה, פאַלשקייט — פון אָפּנאַרעריי.

וואָס גרעסער דער היפּאָקריט, אַלץ מער וויקלט ער איין זיין פאַלשקייט אין ערלעכקייט.

אַפילו אַ פאַלשער מענטש האָט אויך פיינט אַ פאַלשן מענטשן.

אַ פאַלשער מענטש איז פאַלש ניט נאָר צו זיינע פיינט, נאָר אויך צו זיינע פריינד.

געמאַכטע אָפנהאַרציקייט איז די בעסטע מאַסקע פון פאַרשלאָ־סענער פאַלשקייט.

פאַלשע מענטשן מיינען, אַז דער וואָס איז ערלעך איז נאַריש.

ערלעכקייט גלויבט; פאַלשקייט געטרויט ניט.

## פאַנאַטיזם

ניטאָ קיין זיסקייט אָן ביטערקייט; קיין אידעאַליזם אָן פאַ־נאַטיזם.

פאַנאַטיזם קען זיך קלעפּן מיט נאַרישקייט, אָבער ניט מיט געט־לעכקייט.

פאַנאַטיזם איז די ווילדקייט פון אידעאַליזם.

פאַנאַטיזם איז טויב צוליב זיין בלינדקייט.

ווו פאַנאַטיזם איז בלינדע עקשנות, דאָרט איז עקשנות איינגע־שפּאַרטע נאַרישקייט.

אויב פאַנאַטיזם איז ניט בלינד, מאַכט ער בלינד.

אויב פאַנאַטיזם איז ניט בלינד, איז ער טויב.

פאַנאַטיזם איז בלינד. אַמאָל פון נאַרישקייט, אַמאָל פון אומ־וויסנהייט, אַמאָל פון עקשנות און אַמאָל פון ליבשאַפט.

ניט יעדער אידעאַליסט איז אַ חכם און ניט יעדער פאַנאַטיקער איז אַ נאַר.

פאַנאַטיזם פאַרשקלאַפט אַפילו דעם וואָס קעמפט פאַר פרייהייט.

אַפילו ווו דער פאַנאַטיקער איז ניט בלינד, פאַרמאַכט ער די אויגן ניט צו זען וואָס זיין פאַנאַטיזם וויל ניט זען.

אַ דענקער גלויבט ווי ער דענקט. אַ פאַנאַטיקער דענקט ווי ער גלויבט.

די פאַנאַטיקער זיינען געפערלעכער פאַר דער רעליגיע ווי די אַטעיסטן.

דער אַטעיזם לאַכט פון דער רעליגיע. דער פאַנאַטיזם — מאַכט זי מיאוס.

פאַנאַטיזם איז נאַרישע עקשנות.

גלויבן האַלט דעם שכל אַרעסטירט. פאַנאַטיזם — געבונדן.

גלויבן איז דער אויסדרוק פון ניט וויסן. פאַנאַטיזם — פון ניט וועלן וויסן.

מען קען זיין פאַנאַטיש אַפילו אין דעם קאַמף קעגן פאַנאַטיזם.

דער ערגסטער שונא פון אידעאַליזם איז פאַנאַטיזם. דער ערגסטער שונא פון מאָראַל — נאַרישע פרומקייט.

ניט יעדער אידעאַליסט איז אַ חכם, אָבער יעדער פאַנאַטיקער איז אַ טיפּש.

אידעאַליזם און פאַנאַטיזם זיינען ווייטע מחותנים, אָבער נאָענטע שכנים.

דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָט שוין פאַרגאָסן אַזוי פיל בלוט, אַז מ'וואָלט שוין געקענט אין אים דערטרינקען אַלע גרויזאַמע געטער.

אידעאַליזם ווערט פון פאַנאַטיזם פאַרשטאַרקט. ווערט אָבער אַן אידעאַל פון פאַנאַטיזם באַהערשט, ווערט ער פון אים פאַרשקלאַפּט.

אידעאַליזם שטראַלט, פאַנאַטיזם פינצטערט.

גלויבן איז בלינד, פאַנאַטיזם — טויב און אידעאַליזם — אומפאַרזיכטיק.

אַן אידעישער פאַנאַטיקער איז אַ שקלאַף פון זיין אידעאַל. אַ נאַרישער פאַנאַטיקער איז אַ שקלאַף פון זיינע נאַרישקייטן.

וווּ ס'איז דאָ ליבע, דאָרט איז אויך דאָ אייפערזוכט. וווּ ס'איז דאָ אידעאַליזם, דאָרט איז אויך דאָ פאַנאַטיזם.

פאַנאַטיזם איז ביי דעם נאַר — אידעאַליזם.

נאַיוויטעט און אומוויסנהייט פירן צו בלינדן גלויבן. נאַרישקייט און עקשנות — צו ווילדן פאַנאַטיזם.

איינבילדונג, עקשנות און פאַנאַטיזם איז שווער צו באַזיגן און גאַנץ אָפט איז אַפילו אומזיסט מיט זיי צו קעמפן.

## פאַנטאַזיע

פאַנטאַזיעס זיינען די פליגלען פון האָפענונג.

וווּ עס לאָזט זיך ניט האָפן, דאָרט לאָזט זיך ניט פאַנטאַזירן.

אונדזערע פאַנטאַזיעס ווערן געבאָרן מיט אונדזערע פאַרלאַנגען און לעבן זיך אויס מיט אונדזערע פאַרלאַנגען.

דער הימל איז העכער פון אונדזער שכל, אָבער ניט העכער פון אונדזער פאַנטאַזיע.

וואָס מער לעבן אַ מענטש האָט אין זיך, אַלץ מער פאַנטאַזיעס צעשפּילן זיך אין אים.

אָן פאַנטאַזיע וואָלטן מיר אַ טאָג ניט געקענט איבערטראָגן די האַרטע ווירקלעכקייט.

פאַנטאַזיע אינספּירירט, שכל פירט און בויט דיקטירט.

טיפער פון אַלע גרונטן און העכער פון אַלע הימלען זיינען די מענטשלעכע פאַנטאַזיעס.

פאַנטאַזיע קען העכער פליען. וויסנשאַפט קען טיפער אַריינ־דרינגען.

מען דאַרף זיין אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר צו קענען מאַכן מענטשן גלויבן אין אַזאַ מעגלעכקייט, וואָס איז רעאַליסטיש אומגלויבלעך.

פאַנטאַזיע קען פליען איבער דער ווירקלעכקייט, אָבער ניט קעגן דער ווירקלעכקייט.

וואָס זונליכט איז פאַר פלאַנצונג, דאָס איז פאַנטאַזיע פאַר געדאַנק.

## פאַקטן

פאַקטן לאָזן זיך דיסקוטירן, אָבער ניט איגנאָרירן.

פאַקטן זאָגן דעם אמת, זיי ווערן אָבער ניט אַלע מאָל אויסגע־טייטשט נאָך דעם אמת.

קליינע פאַקטן באַלייכטן אָפט גרויסע געשעענישן.

פאַקטן זיינען די בעסטע עדות. וויל מען אָבער פון זיי ניט וויסן, זאָגן זיי גאָרניט.

אַ פאַקט איז אַ באַווייז, אַז אַזוי איז עס, אַז אַזוי האָט עס פּאַ־סירט. ער איז אָבער קיין באַווייז ניט, אַז אַזוי האָט געמוזט זיין, אַז אַזוי האָט געמוזט פּאַסירן.

פאַר אַ זיכערן פאַקט אַנטלויפן אַלע אומזיכערע סברות און השערות.

אַמאָל מוז מען זיך רעכענען מיט דער טעאָריע און אַמאָל מיט דעם פאַקט.

## פאַראַנטוואָרטלעכקייט

ווער עס קען ניט טראָגן קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דער זאָל זי ניט אָננעמען.

פאַראַנטוואָרטלעכקייט קען מען נאָר פאָדערן פון שכל, אָבער ניט פון געפיל.

ווער עס וויל קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט טראָגן, באַווייזט, אַז ער געטרויט זיך אַליין ניט.

פון וועמען מיר קענען קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט פאָדערן, די קענען מיר פאַר אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט ניט באַשטראָפן.

די געזעלשאַפט איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם יחיד, דערפאַר איז דער יחיד פאַרפליכטעט צו דער געזעלשאַפט.

## פאַרבאָטענע

דאָס פאַרבאָטענע רייצט אונדזערע לײַדנשאַפטן. דאָס פאַרבאָרגענע — אונדזערע פאַנטאַזיעס.

## פאַרברעכן — פאַרברעכער

ניט די וואָס באַגייען פאַרברעכן זײַנען די אמתע פאַרברעכער, נאָר די וואָס צווינגען צו דעם.

באַגיין אומרעכט איז פאַרברעכן, ווען אַפילו דאָס געזעץ דערלויבט עס.

עס איז ניטאָ קיין גרעסרע געמיינהייט ווי צו באַשטראָפן דעם אַנדערן פאַר אַ פאַרברעכן וואָס מען באַגייט אַליין.

אויב פאַרברעכן געהערט צו משוגעת, דאַן איז כמעט די גאַנצע וועלט משוגע.

פאַרשווייגן פאַרברעכן איז אַ האַלבע זינד; פאַרדעקן — אַ גאַנצע זינד.

כדי צו קענען זיך באַווייזן פאַר מענטשן פאַר גוט און פיין, באַגייען פיל מענטשן שווינדל און פאַרברעכן.

דאָס ערשטע מאָל באַגייט מען אַ פאַרברעכן אויס נויט. אַ צווייט מאָל — פון ווילן. אַ דריט מאָל — פון געוווינהייט און אַ פערט מאָל — פון ליידנשאַפט.

שווייגן איבער יענעמס פאַרברעכן איז אויך אַ פאַרברעכן.

ווער עס יאָגט זיך נאָך פאַרברעכן, דעם יאָגט נאָך די שטראָף.

אין פאַרברעכן איז נאָר דאָ כיטרעקייט, אָבער ניט קלוגשאַפט, ווייל קלוגשאַפט איז קעגן פאַרברעכן.

עס איז גרעסער די עבירה דעם אַנדערן צו באַרויבן, ווי די מצווה מיט דעם באַרויבטן דעם אַנדערן צו העלפן.

ווער עס איז צו פאַרברעכן פּאַסיוו, דער איז אַ פּאַסיווער פאַרברעכער.

דער פאַרברעכער וואָס גלויבט אַז ער איז גערעכט, איז בעסער פון דעם פאַרברעכער וואָס ווייסט אַז ער איז אומגערעכט. דאָך איז ער געפערלעכער.

ווען אַ פאַרברעכער גלעט ווערן איבער דער פּלייצע „גוטברודערשאַפט", איז צו פאַרשטיין, אַז זיין גוטער ברודער איז ניט בעסער פון אים.

חרטה פון אַ פאַרברעכער שטילט דעם כעס פון דער געזעלשאַפט, אָבער ווישט ניט אָפּ דאָס פאַרברעכן.

רחמנות האָבן מיטן פאַרברעכער דערמוטיקט פאַרברעכן.

## פאַרגאַנגענהייט

אונדזערע בענקשאַפטן זיינען פאַרבונדן מיט דעם נעכטן, אונדזערע וווּנטשן — מיט דעם היינט און אונדזערע האָפענונגען — מיט דעם מאָרגן.

מענטשן זיינען אָפט מבטל דעם נעכטן — „אַ נעכטיקער טאָג".
אין אמתן אָבער האָט דער נעכטן ניט ווייניקער ווערט ווי דער מאָרגן.

זיס איז די דערינערונג פון דער פאַרגאַנגענער יוגנט, ווען עס איז ביטער די קעגנוואַרטיקע עלנט.

ס׳איז זיס צו חלומען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, ווען די צו־קונפט איז באַצוקערט מיט זיסער האָפענונג.

די פאַרגאַנגענהייט קען מען צוריק ניט כאַפּן און די צוקונפט ניט ברענגען צו שלעפּן.

די פאַרגאַנגענהייט גייט אייביק צוריק און די צוקונפט — איי־ביק פאָרויס.

ס׳איז לייכטער צו זאָגן נביאות וועגן דער צוקונפט, ווי צו דער־קלערן די פאַרגאַנגענהייט.

## פאַרגעסן

דווקא וואָס מען וויל פאַרגעסן איז שווער צו פאַרגעסן.
וואָס עס איז פאַרפאַלן דאָס זאָל מען פאַרגעסן.

## פאַרזיכטיקייט

כל־זמן מ׳האָט נאָך וואָס צו פאַרלירן, מוז מען נאָך לעבן פאַר־זיכטיק.

צופיל פאַרזיכטיקייט איז אָפט אַזאַ חסרון ווי אומפאָרזיכטיקייט.

פאַרזיכטיקייט לאָזט זיך באַהערשן. אומוויסנהייט — באַווירקן.

פאַרזיכטיקייט קען פאַרהיטן פון געפאַר, ווען ס׳איז כאָטש אי־בערגעבליבן איין וועג אַ זיכערער. זי קען אָבער גאָרניט העלפן ווען די געפאַר האָט פאַרנומען אַלע וועגן.

פאַרזיכטיקייט מוז זיך היטן פון געמאַכטער נאַיוויטעט און פאַר פאַלשער אָפנהאַרציקייט.

פאַרזיכטיקייט פאָדערט אויפמערקזאַמקייט.

פאַראַנטוואָרטלעכקייט טראָגט די פליכט פון פאָרזיכטיקייט.

פון צופיל פאָרזיכטיקייט קען מען בלייבן שטיין אויף איין אָרט. פון צו ווייניק — קען מען אַריינפאַלן.

פאָרזיכטיקייט מוז זיך היטן פאַר „צו פרי״, ווי פאַר „צו שפּעט״.

פאָרזיכטיקייט אָן שכל איז ווי אַן אומבאַוואָפנטער וועכטער.

## פאַרצווייפלונג

ווען די אומדערבאַרמלעכע פאַרצווייפלונג דערטרינקט די גליק־לעכע האָפענונג, דאַן קומט די מוטערלעכע טרייסט און נעמט אונדז אַרום, מיר זאָלן זי אָננעמען פאַר האָפענונג.

די ענדע פון האָפענונג איז דער אָנהייב פון פאַרצווייפלונג; די ענדע פון פאַרצווייפלונג איז דער אָנהייב פון וואַנזין.

דאָס וואַרטן אויף אַ נס איז די לעצטע האָפענונג פון פאַרצווייפ־לונג.

איבערמעסיקע באַפרידיקונג, איבערמעסיקע פאַרלאַנגען פירן צו פאַרצווייפלונג.

## פאַרשווייגן

פאַרשווייגן מיינט נאָך ניט גערעכט געבן. פאַרגעבן מיינט נאָך ניט צוגעבן.

שווער צו שווייגן, נאָך שווערער צו פאַרשווייגן.

## פאַרשטאַנד

געפיל און פאַרשטאַנד זיינען צוויי באַזונדערע אייגנשאַפטן, וואָס קענען איינער אָן דעם אַנדערן ניט עקזיסטירן.

פאַרשטאַנד איז דאָס אויג; געפיל — די נשמה.

## פאַרשטיין

בעסער גאָרניט וויסן, ווי שלעכט פאַרשטיין.

פאַרשטיין מענטשן מיינט וויסן וואָס זיי טראַכטן אין האַרצן.

כדי צו פאַרשטיין אַ מענטשן ווען ער רעדט, דאַרף מען קענען זיין פּנים.

דווקא די וואָס פאַרשטייען ניט דעם אַנדערן, האָבן אַלץ טענות, אַז דער אַנדערער פאַרשטייט זיי ניט.

ווער ס'רעדט ווייניקער צו דעם הערט מען זיך צו מערער.

דאָס ניט „קענען״ פאַרשטיין האָט זיין סיבה. דאָס ניט „וועלן״ פאַרשטיין, האָט זיין כוונה.

מיספאַרשטענדענישן קומען מער אַרויס פון ניט וועלן פאַר־שטיין, ווי פון ניט קענען פאַרשטיין.

ווער עס קען ניט פילן, דער קען ניט דענקען. ווער עס קען ניט דענקען, דער קען ניט פאַרשטיין.

ווער ס'קען זיך ניט פאַרשטיין, דער קען אויך די וועלט ניט פאַרשטיין.

בעסער האָבן צו טאָן מיט דעם וואָס קען ניט פאַרשטיין, ווי מיט דעם וואָס וויל ניט פאַרשטיין.

ווער עס דענקט, אַז ער פאַרשטייט אַלעמען, דער פאַרשטייט זיך אַליין ניט.

## פאַרשפּילן

ס'איז קיינמאָל ניט אַזוי לייכט צו פאַרשפּילן, ווען מ'וויל אי־בער געוואָלד געווינען.

ווער עס פרייט זיך שטאַרק אַז ער געווינט, דער וויינט שטאַרק אַז ער פאַרשפּילט.

ביי וואָס מען קען פיל געווינען ביי דעם קען מען אויך פיל פאַרלירן.

## פוילקייט

פלייס טראָגט אַ באַלקן אַזוי לייכט ווי אַ פעדער. פוילקייט טראָגט אַ פעדער אַזוי שווער ווי אַ באַלקן.

פוילקייט איז אַ פיזישע קראַנקייט. נאַרישקייט — אַ גייסטיקע קראַנקייט.

פוילקייט איז מיד פון צופיל ליידיקגיין און קען זיך קיינמאָל ניט אויסרוען.

„געדולד און פאַרזיכט" איז אָפט דער „אויסרייד און פאַרטיידי־קונג" פון פוילקייט.

פוילקייט איז אָפּגעשלאָסן פון גליק, ווייל ס'פאַרשטעלט מיט זיך אַלע וועגן צו אים.

פוילקייט ליגט ביי דער שוועל פון נויט און ליידן.

די צרה מיט דעם פוילן איז, וואָס ער געטרויט אַלץ דער צייט און האָט ניט קיין צוטרוי צו זיך.

דער פוילער האָט טענות צו דער גאַנצער וועלט, נאָר ניט צו זיך.

ווער עס ליגט צו שפּעט אין בעט דער קומט צו שפּעט צום שיסל.

דער פוילער וואַרט אַלץ, אַז דאָס גליק זאָל צו אים קומען; ער איז אַפילו פויל צו עפענען די טיר פאַר אים.

נויט קען זיך פאַרמעסטן צו פאַרטרייבן פוילקייט, אָבער ניט שלימזלדיקייט.

דער פוילער איז צו אַלץ פויל, נאָר ניט צו זיין פויל.

וואָס עס מוז דערוואָרבן ווערן מיט אַרבעט, דאָס קען ניט דערוואָרבן ווערן מיט פוילקייט.

## פוס

ווען איין פוס גליטשט זיך אויס אומצופאַלן, שלעפּט ער אויך מיט דעם צווייטן.

ווען די הענט טויגן ניט, זיינען די פיס ניט שולדיק.

אַז מען איז אַ קאַליקע אויף אַ פוס, הינקט שוין מיט דער גאַנצער קערפּער.

מ׳קען ניט גיין מיט איין פוס און מ׳קען ניט פליען מיט איין פליגל.

ווער ס׳האָט ניט קיין פליגלען צו פליען, דער מוז צופרידן זיין צו גיין מיט די פיס.

## פייער

פונקען אָן פייער זיינען קיין פונקען ניט.

אויגן־פונקען ברענען ניט.

צו מאַכן אַ פייער צו ברענען קלעצער, מוז מען צוערשט אָנהייבן מיט שפּענדלעך.

ס׳איז לייכט צו מאַכן פון אַ קליינעם פייער אַ גרויס פייער.

ס׳איז שווער צו מאַכן פון אַ גרויסן פייער אַ קליין פייער.

ווען מען שיקט אַ נאַר מאַכן פייער, מאַכט ער גאָר אַ שרפה.

וואָס טויזנטער מענטשן קענען אויפבויען, דאָס קען איין פונק צעשטערן.

ניט דאָס פייער איז שולדיק וואָס ס׳האָט פאַרברענט אונדזער הויז, נאָר דער וואָס האָט דאָס פייער אָנגעצונדן.

ס׳איז אָפּט וויכטיקער צו וויסן ווי שטאַרק דאָס פייער ברענט, איידער ווי לאַנג עס ברענט.

מ׳קען מאַכן פון אַ פונק דעם גרעסטן פייער; מ׳קען אָבער ניט מאַכן פון אַ טראָפּן וואַסער אַ ים.

אַז מ׳לויפט פון אַ ברענענדיק הויז, שטעלט מען זיך ניט אָפּ זוכן דאָס היטל אָדער קושן די מזוזה.

פאַר פייער דאַרף מען זיך היטן, אָבער ניט מורא האָבן.

## פילאָזאָפיע

פילאָזאָפיע גייט צוזאַמען מיט דער וויסנשאַפט ווי געפיל מיט פאַרשטאַנד.

וואָס פּאָעזיע איז פאַר פּראָזע, געפיל — פאַר געדאַנק, דאָס איז פילאָזאָפיע — פאַר וויסנשאַפט.

רעליגיע איז די פּאָעזיע פון פילאָזאָפיע; פילאָזאָפיע — פון וויסנשאַפט.

מאַטעריע איז דער גוף פון דער וועלט. די וויסנשאַפט — איר גלויבן און די פילאָזאָפיע — איר נשמה.

פילאָזאָפיע איז אַ געדיכטער, טונקעלער וואַלד מיט פיל גע־דרייטע שטעגן. וואָס טיפער מ׳דרינגט אין דעם אַריין, אַלץ שווערער איז פון דעם אַרויסצוגיין.

פילאָזאָפיע איז דער טיפסטער בליק פון געדאַנק. פּאָעזיע — דער פאַרביקסטער אויסדרוק פון באַגייסטערונג; קריטיק — דער שאַרפסטער אַנאַליז פון שכל, און הומאָר — דער היימלעכסטער שמייכל פון לעבן.

פילאָזאָפיע איז אַ פאַרטראַכט קינד, וואָס האַלט די אויגן געווענדט מיט אַ פרעגצייכן — צום לעבן און מיט אַ גדאַנקען־שטריך צו דער נשמה.

פילאָזאָפיע איז די לאַבאַראַטאָריע פון מענטשלכן דענקען.

ווען אַ נאַר לערנט פילאָזאָפיע, ווערט ער אַ נאַרישער פילאָזאָף.

וויסנשאַפט זוכט דעם „סוד" פון לעבן; פילאָזאָפיע — דעם „זין" פון לעבן.

פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט האַלטן זיך פון דערווייטן, ווי טעאָריע און פּראַקטיק.

## פלייסיקייט

מענטשן ליבן דעם פלייסיקן, ווייל ער אַרבעט פאַר זיי.

דער פלייסיקער ווערט דערמוטיקט פון זיין שטאַרקן ווילן. דער פוילער ווערט אַנטמוטיקט פון זיין שוואַכן ווילן.

## פליכט

אויב די מענטשלעכע מאָראַל איז נאָך ניט אינגאַנצן באַנקראָט, האָט זי עס צו פאַרדאַנקען דער מענטשלעכער פליכט.

די מענטשלעכע פליכט איז אַזוי אַלט ווי דאָס מענטשלעכע לעבן און בייט זיך צוזאַמען מיט דער צייט פון לעבן.

דער וואָס האָט ניט קיין פליכטן, האָט אויך ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דאָס וואָרט „פליכט" איז בלויז אַ „בלאַנק" וואָס יעדער פילט אים אויס ווי ער פאַרשטייט און ווי עס פּאַסט פאַר אים.

דער וואָס האָט ניט קיין פליכטן האָט אויך ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייטן.

פליכט האָט ניט קיין מיטלייד אַפילו מיט זיך אַליין.

די פליכטן וואָס מען מוז אַליין דערפילן קען מען פון זיי זיך ניט אויסקויפן.

# פליען

מענטשן קענען שוין פליען ווי פייגל, אָבער נאָך ניט לעבן ווי מענטשן.

ווען מען פליט אַזוי הויך ווי די וואָלקנס, זעט אויס אַפילו דער „אייפל־טורעם" ווי אַ פינטעלע.

פליען הויך מיינט נאָך ניט זיין הויך.

מענטשן וואָס פליען זיינען אין געפאַר אַראָפּצופאַלן. מענטשן וואָס קריכן זיינען אין געפאַר צעטראָטן צו ווערן.

# פעלער

יעדער קלוגער מענטש איז דאַנקבאַר ווען מען ווייזט אים אָן זיינע פעלערן אויס פריינדשאַפט, אָבער ניט אויס פיינטשאַפט.

מיר מאַכן פעלערן מער צוליב לייכטזיניקייט ווי צוליב אומפאַרזיכטיקייט; מער צוליב אומפאַרזיכטיקייט ווי צוליב אומוויסנהייט.

מיט דעם ניט צוגעבן אַ פעלער באַגייט מען אַ צווייטן פעלער.

מענטשן מאַכן פעלערן. אוממענטשן זיינען פעלערן.

אַ פעלער אָנצווייזן דאַרף מען וויסן. אים צו פאַרבעסערן דאַרף מען ווענלן און קענען.

אייגענע שמוץ עקלט ניט און אייגענע פעלערן זעט מען ניט.

ווער עס קען דערזען די אייגענע פעלערן, דער קען שוין אויך דערזען דעם אַנדערנס מעלות.

וויסן אַ פעלער מיינט וויסן זיינע פאָלגן. פאַרשטיין אַ פעלער מיינט פאַרשטיין זיינע אורזאַכן.

ווער עס האָט אין לעבן קיין פעלערן ניט געמאַכט, דער האָט אין לעבן קיין זאַכן ניט אויפגעטאָן.

פעלערן זיינען פאָלגן אָדער פון ניט וויסן, אָדער פון ניט ווענלן וויסן.

ווי ערלעך אַ מענטש זאָל ניט זיין, וועט ער מודה זיין אויף אַזאַ פעלער, וואָס רופט אַרויס מיטלייד, אָבער ניט פאַראַכטונג.

דער וואָס איז מודה אויף זיינעם אַ פעלער, דער לערנט פונעם פעלער.

אונדז וואָלטן אַזוי בייז ניט געמאַכט יענעמס פעלערן, ווען מיר וואָלטן זיך אַליין בעסער געקענט.

פרעמדע פעלערן מוז מען זוכן מיט ערלעכקייט און ליבשאַפט. אייגענע — מיט ערלעכקייט און קאַלטקייט.

מ׳דאַרף האָבן מוט און ערלעכקייט מודה צו זיין אויף אַ פעלער און מ׳דאַרף האָבן שכל און פעיקייט גוט צו מאַכן אַ פעלער.

פריינד זאָגן די פעלערן אין די אויגן; שונאים — הינטער די אויגן.

פעלערן מאַכן אונדז דערפאַרענער; דורכפאַלן — פאַרזיכטיקער.

דאָס ניט צוגעבן אויף אַ פעלער איז ערגער ווי אים צו באַגיין.

## פערד

מ׳קען האָבן קינסטלערישע הענט און דאָך האָבן אַ פערדישן קאָפּ.

ס׳איז לייכטער צו פירן אַ וואָגן געשפּאַנט מיט איין פערד, ווי מיט צוויי פערד.

ווען מען שפּאַנט איין אַ גוט פערד צוזאַמען מיט אַ פּראָסטן, פאַלן זיי ביידע אין די האַלאַבליעס.

וואָס טויג אַ גוט פערד אַז דער וואָגן קרעכצט אונטער? און וואָס טויג אַ נייער וואָגן אַז אין שפּאַן איז אַן אַלטע שקאַפּע?

אַ פערד קען שלעפּן אַ וואָגן, אָבער ניט — פירן.

אַ מענטש קען יאָ רעדן וועגן אַ פערד, אָבער ניט אַ פערד — וועגן מענטשן.

אַ גוט פערד איז דער וואָס לאָזט זיך פירן אין געשפּאַן און אין אַקער.

דער בריק פון אַ פערד קען אַ מענטשן ווייטאָן נאָר פיזיש, אָבער ניט גייסטיק.

ווען מ׳איז שוין אין געשפּאַן, מוז מען שוין דעם וואָגן פירן; די פערדישקייט איז נאָר דאָס לאָזן זיך איינשפּאַנען אין וואָגן.

עס איז פערדיש פון דעם פערד וואָס ער אַנטלויפט ניט פון געשפּאַן. נאָך פערדישער — וואָס ער לאָזט זיך פירן אין שפּאַן.

מ׳קאָן אַ פערד אָנטאָן בגדי־מלכות וועט ער אַלץ בלייבן אַ פערד. מ׳קען אַ ציג אויספּוצן ווי אַ קעניגין וועט זי אַלץ בלייבן אַ ציג.

## פרויען

אַ פרוי, ווי קלוג זי זאָל ניט זיין, ווען זי ווערט פון אַ מאַן קאָמפּלימענטירט, אַז זי איז קליגער ווי שענער, געפינט זי זיך באַליידיקט און געקרענקט.

די וואָס ווייסן ווי פרויען צו קריטיקירן, פאַרשטייען אויך ווי זיי צו שעצן.

„די פרוי איז ניט קיין געראָטענע באַשעפעניש״ — גלויבן די מענער. יאָ, זאָלן די געראָטענע מענער אָנטאָפּן זייערע ריפּן וועלן זיי וויסן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי.

אַ שיינע פרוי מוז זיין זייער קלוג כדי איר שיינקייט זאָל זי ניט נאַריש מאַכן.

מיט אַ נאַרישער פרוי קען מען קיין חכם ניט זיין. מיט אַ קלוגער פרוי קען מען קיין נאַר ניט זיין.

די פרוי מעג, מיט רעכט, זיך באַטראַכטן פאַר אַ העכערן וועזן ווי דער מאַן, ווייל אָדם איז באַשאַפן געוואָרן פון פּראָסטע ליים און חוה — פון אַ מענטשלעכער ריפּ.

כדי אַ פרוי צו געווינען מוז מען פריער ביי איר פאַרשפּילן.

אַ פרוי קען זיין גוט ווי אַ מלאך און שלעכט ווי אַ טייוול.

די פרוי האָט געירשנט פון איר מוטער חוה די באַקאַנטשאַפט מיט דער שלאַנג, אָבער ניט די „בושה״ פון דער פרוי.

די קראַפט פון דער פרוי איז די שוואַכקייט פונעם מאַן.

די פרוי וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פונעם מאַנס איין ריפּ האָט אַזוי פיל פעלערן. הייגט וויפל מוז שוין האָבן דער מאַן אין גאַנצן?

ווען אַ פרוי שווייגט, פאַרשטייט מען זי ווייניק. הייבט זי אָן צו רעדן, פאַרשטייט מען זי נאָך ווייניקער.

די פריינדשאַפט צווישן פרויען איז אינטימער ווי צווישן מע־

נער, דערפאַר אָבער איז די פיינטשאַפט צווישן פרויען שטאַרקער ווי צווישן מענער.

זינט גאָט האָט באַשאַפן די פרוי, איז אַ העלפט פון דער מענטשהייט אויף צרות.

אַ קלוגע פרוי זוכט דעם מאַן צו פאַרשטיין. אַ נאַרישע פרוי — אַז דער מאַן זאָל זי פאַרשטיין.

אַ פרוי אָן אַ מאַן איז ווי אַ הויז אָן אַ דאַך. אַ מאַן אָן אַ פרוי איז ווי אַ דאַך אָן אַ הויז.

אַ פרוי איז שוין בעסער צופרידן צו ווערן געהאַסט, איידער צו זען ווי אַ צווייטע פרוי ווערט געליבט.

פיש פאַנגט מען מיט נעצן; פרויען — מיט קאָמפּלימענטן.

אַ שיינע פרוי איז אַלעמאָל גערעכט.

ווע אַ פרוי וויל הערשן איבער אַ מאַן, מאַכט זי אים פאַר איר באַשיצער.

אַ מאַן ווערט שיכור פון ווייַן; אַ פרוי— פון קאָמפּלימענטן.

אַ קלוגע פרוי זוכט דעם מאַן איינצונעמען. אַ נאַרישע פרוי — אים צו באַהערשן.

אַ פרוי איז זייער עקשנותדיק ניט נאָכצוגעבן. דערפאַר אָבער איז זי זייער לייכטזיניק זיך צו לאָזן איינגעמען.

ווען אַ מאַן פאַרליבט זיך אין אַ פרוי, הייבט ער אָן וועבן פאַר־שידענע נעצן זי צו פאַנגען. די פרוי אָבער האָט אירע נעצן אַלעמאָל פאַרטיק. זי וואַרט נאָר אַז דער פיש זאָל זיך אין זיי פאַרפּלאָנטערן.

אין לאַכן און וויינען איז די פרוי אַן אמתע קינסטלערין.

אַ לינקע געליבטע איז ניט שווער צו געפינען. עס איז נאָר שווער צו געפינען אַ רעכטע פרוי.

ווען אַ פרוי וויל אַ מאַן געווינען, לאָזט זי זיך פון אים באַזיגן.

## פרומקייט

זעלבסט־פּייניקונג איז ניט קיין פרומקייט, נאָר משוגעת.

עס ליגט מער פרומקייט אין זאַט מאַכן אַ הונגעריקן, ווי אין פאַסטן און אַליין הונגערן.

ניט יעדער וואָס האָט אַ פרומע צונג האָט אויך אַ פרום האַרץ.

## פריידן

פרייד זוכט די געזעלשאַפט פון פריינד. טרויער — צו זיין מיט זיך אַליין.

פריידן און ליידן טוען אָפט צוזאַמען זיך קליידן.

## פרייהייט

פרייהייט איז דאָס פריילעכסטע וואָרט אין דער מענטשלעכער שפראַך. דאָס קעמפן פאַר פרייהייט איז די הייליקסטע פליכט פונעם מענטשלעכן לעבן.

די פרייהייט וואָלט ניט געווען אַזוי הייליק און ליב ביי אונדז, ווען די קנעכטשאַפט וואָלט ניט געווען אַזוי גרויזאַם און ברוטאַל.

די פרייהייט איז ניט שולדיק ווען מענטשן פירן זיך אויף שלעכט מיט איר.

פריי קען מען נאָר זיין אין דער פאַנטאַזיע. אינעם לעבן אָבער זיינען מיר געצוימט פון דער סביבה און געבונדן פון די אומשטאַנדן.

פרייהייט איז אַזוינס וואָס אַלע ווינטשן, אָבער ניט אַלע ווילן פאַר איר קעמפן.

ס׳איז ניט אַזוי שווער זיך צו באַפרייען פון דער וועלט, ווי ס׳איז שווער זיך צו באַפרייען פון זיך.

מענטשן וואָס ווערן מיט געוואַלד פאַרשקלאַפט האָבן קיין אַנדער אויסוועג ניט ווי מיט געוואַלד זיך צו באַפרייען.

די פרייהייט לאָזט זיך טייער באַצאָלן, אָבער אָן פרייהייט האָט קיין זאַך קיין ווערט ניט.

ווער ס׳האָט ניט קיין באַגריף פון פרייהייט איז אַ ווילדער. ווער ס׳קעמפט ניט פאַר פרייהייט איז אַ שקלאַף און ווער ס׳בעטלט פריי־הייט איז אַ בעטלער.

מאַנכע קעמפן פאַר פרייהייט אַזוי ווילד־פאַנאַטיש, אַז ביי זיי איז רעכט צו אָפּפערן די גאַנצע פרייהייט פאַר זייערע פאַנאַטישע קאַפּריזן.

ס'איז ניט אַזוי שווער די וועלט צו באַפרייען, ווי ס'איז שווער זי צו פאַראייניקן.

וואָס טויג גוטסקייט אָן גערעכטיקייט? וואָס טויג קלוגשאַפט אָן פרייהייט?

וואָס טויג פרייהייט, אַז מען ווייסט ניט ווי מיט איר זיך צו באַגיין? וואָס טויג רייכטום, אַז מען ווייסט ניט ווי מיט דעם זיך צו באַנוצן?

יעדער איז ווערט די קייטן, וואָס וויל גאָרנישט איינשטעלן פון זיי זיך צו באַפרייען.

דאָס וואָרט פרייהייט איז פאַר אַלעמען גלייך שפּראַכלעך, אָבער ניט באַגריפלעך.

## פריינד

ליבשאַפט געווינט פריינד; פריינדשאַפט האַלט זיי אָן.

פאַלשע ציינער זיינען בעסער פון שלעכטע ציינער. פאַלשע פריינד זיינען ערגער פון שלעכטע פריינד.

גרויסע מענטשן האָבן גרויסע פאַרערער. גוטע מענטשן — גוטע פריינד.

ווער עס האָט ניט קיין פריינד דער איז אויך ניט ווערט זיי צו האָבן.

דריי פריינד האָבן מיר נייטיק אין לעבן: איינעם פאַר וועמען צו דערציילן אונדזערע פריידן, אַ צווייטן — אונדזערע ליידן, און אַ דריטן — אונדזערע נאַרישקייטן.

ווען צוויי פריינד ווערן זיך שונאים, פאַרלירן זיי ביידע — אַ פריינד.

וואָס פיינטלעכער עס ווערן אונדזערע שונאים, אַלץ ליבער ווערן אונדז אונדזערע פריינד.

ווער עס קען ניט געווינען קיין פריינד, דער איז ווערט זיינע שונאים.

דער בעסטער פריינד איז אַ קלוגער פריינד. דער ערגסטער פריינד אַ נאַרישער פריינד.

מיט אַן ערלעכן פריינד איז מען ניט עלנט. מיט אַ קלוגן פריינד איז מען ניט הילפלאָז.

ווען אַ פריינד טוט דיר אַ טובה, עפן דאָס מויל אים צו באַדאַנקען.

אַ זיס פנים געווינט פריינד; אַ זויער פנים פאַרלירט פריינד.

אמתע פריינד זאָגן די פעלערן אין די אויגן; פאַלשע פריינד — הינטער די אויגן.

גוטע געסט קומען ווען מען וויל זיי זען, גוטע פריינד — ווען מ׳האָט זיי בייטיק.

אָן פריינד איז אַפילו דער מיליאָנער עלנט ווי דער אייזאַמער בעטלער.

פון אַלע גוטע פריינד איז דער בעסטער — דער קליגסטער.

## פריינדשאַפט

העפלעכקייט פירט צו פריינדשאַפט; פריינדשאַפט — צו ליבע.

פריינדשאַפט נייטיקט זיך אין געטריישאַפט, אָבער ניט אין חניפה.

אָן פריינד איז מען אַפילו אין דער גרעסטער שטאָט אייגזאַם.

אָן געדאַנקען איז אַפילו אין דער גרעסטער געזעלשאַפט אומעטיק.

ביי אמתער פריינדשאַפט איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דאַנקבאַרקייט.

געמאַכטע פריינדשאַפט ווערט באַלד אָפּגעריבן און עס זעט זיך באַלד אַרויס די נאַקעטע פיינטשאַפט.

פריינדשאַפט וואָס איז מיט גאָרניט ניט פאַרבונדן קאָן לאַנג ניט בלייבן צוזאַמענגעבונדן.

פריינדשאַפט קען גוט זיך פאַרטראָגן מיט ליבע, אָבער ניט פאַרנעמען איר פּלאַץ.

פריינדשאַפט האָט נאָר אַ ווערט ביים לעבן, אָבער ניט נאָכן טויט.

גוטסקייט געווינט פריינדשאַפט. קלוגשאַפט האַלט אָן די פריינד־שאַפט.

פריינדשאַפט געווינט ליבע. ערלעכקייט — אַכטונג.

פריינדשאַפט קען אַרויסווייזן אַפילו אַ הונט. פאַרערונג — בלויז אַ מענטש.

צ.

## צדיק

אַ צדיק איז דער וואָס פאַרשאַפט דעם אַנדערן פרייד און טוט אים גוטס, אָבער ניט דער וואָס פייניקט זיך און טוט זיך שלעכטס.

איינער איז פרום ווי אַ צדיק, אַ צווייטער איז ערלעך ווי אַ צדיק און דער דריטער איז פאַרשטעלט פאַר אַ צדיק.

איינער איז אַ צדיק מיט זיין שיינער באָרד. אַ צווייטער — מיט זיין גוט האַרץ.

איינער האָט דעם „צדיק" אין באָרד. אַ צווייטער אין האַרצן.

מיט פאַסטן אַליין איז מען נאָך קיין צדיק ניט.

בעסער האָבן צו טאָן מיט אַ קלוגן פּראָסטן מענטשן, ווי מיט אַ נאַרישן צדיק.

## צווייפל

„אפשר" און „טאָמער" זאָגן גאָרנישט. זיי זיינען נאַר צווישן־ווערטער פון „יאָ" און „ניין", פּסעוודאָנימען פון צווייפל.

וואָס ס'קען ניט באַוויזן ווערן האָט מען דאָס רעכט אין דעם צו צווייפלען, אָבער ניט עס אָפּצולייקענען.

צווייפל איז די פאַרזיכט פונעם חכם און די אומבאַהאָלפנקייט פונעם נאַר.

צווייפל ליגט צוזאַמענגעפּרעסט צווישן גלויבן און אומגלויבן און איז די שוואַכע מיטלוואַנט צווישן זיכערקייט און אומזיכערקייט.

סקעפּטיציזם איז דער שוואַכסטער טייל פון צווייפל.

אומזיכערקייט צווייפלט; שוואַכקייט אַנטלויפט.

צווייפל איז דער אויסדרוק פון אומזיכערקייט. פאַרצווייפלונג — פון אַנטוישונג.

דער חכם גייט מיט פאַרזיכט און צווייפל; דער נאַר — מיט גלויבן און זיכערקייט.

ווו עס פעלט צווייפל, דאָרט פעלט די טיפקייט פון דעם אמת און דער אינטערעס פאַר דעם אמת.

צווייפל גלויבט ניט און לייקנט ניט; צווייפל האָט איין מעלה, וואָס ער ווייסט, אַז ער ווייסט ניט.

אויב „צווייפל" איז דער שליסל פון „וויסן", איז גלויבן דער שלאָס...

באַנקראָטירן קאָן נאָר גלויבן, אָבער ניט צווייפל.

גלויבן צווייפלט ניט. צווייפל גלויבט ניט.

איבערצייגונג פאַרטרייבט צווייפל. וויסנשאַפט — גלויבן.

## צונג

פאַלשע ציין קריגט מען מיט יאָרן. אַ פאַלשע צונג — פון שלעכטער דערציונג.

אַ פאַלשע צונג קאָסט אָפט טייערער ווי פאַלשע ציין.

פון אַ לויזער צונג ליידט מען אָפט מער ווי פון אַ לויזן צאָן.

די קלוגע ציין קומען אַרויס צום לעצטן. די נאַרישע צונג — צום ערשטן.

אַ פאַלשע צונג דרייט זיך. אַ לויזע צונג שאָקלט זיך. אַ נאַרישע צונג פּלאַפּלט.

די ציין בייטן זיך ביי מענטשן צו זיבן יאָר. די צונג — ווען מען וויל.

דער ערשטער בעסטער סימן צו דערקענען אויב אַ מענטש איז פֿאַרדאָרבן איז די צונג.

אַ פֿויגל דערקענט מען נאָך זיינע פעדערן; אַ מענטשן — נאָך זיין צונג.

מיט די ציין קען מען דעם אַנדערן צעבייסן. מיט דער צונג — דערהרגענען.

ביים נאַר אין מויל איז די צונג ניט פויל.

## צוזאָגן

ווער עס איז לייכט ביים צוזאָגן, דער איז שווער ביים דער־פילן.

## צופֿאַל

וואָס אַ פשוטער בלינדער צופאַל קען אַמאָל אויפטאָן פאַר דער וויסנשאַפט, קען עס די וויסנשאַפט ניט דערגרייכן מיט איר גאַנצן וויסנשאַפטלעכן באַגאַזש.

דורך אַ בלינדן צופאַל דערזעען מיר אַמאָל דאָס צו וואָס מיר וואָלטן זיך ניט געקענט דערטראַכטן מיט אונדזער קלוגן פאַרשטאַנד.

צופאַל איז אַן אומגעריכטער גאַסט. ניט נאַר לאָזט ער אונדז ניט וויסן איידער ער קומט, ער קלאַפּט אַפילו ניט אָן אין טיר אונדז צו זאָגן, אַז ער איז געקומען.

מענטש און צופאַל ווייסן ביידע ניט ווען און ווו זיי וועלן זיך באַגעגענען.

צופאַל ווייסט ניט וועמען ער באַגעגנט.

דער זעלבער צופאַל וואָס פאַר איינעם איז ער אַ נס, קען זיין פאַר אַ צווייטן אַן אומגליק.

צופאַלן קומען זעלטן, נאָך זעלטענער קומען נסים.

פון אויסנאַמען און צופאַלן קען מען קייןביישפּילן ניט נעמען.

ניט צופאַל איז בלינד, נאַר דער מענטש פאַראויסצוזען דעם צופאַל.

דאָס לעבן ענדערט זיך מער פון צופאַל ווי פון ווילן.

צופאַל איז אַמאָל אַ גוטער גאַסט און אַמאָל אַ שווערע לאַסט.

## צופרידנהייט

עס איז לייכטער צו העלפן אַן אומבאַהאָלפענעם ווי אַן אומצו־פרידענעם.

צופרידנהייט שלעפערט איין, אומצופרידנהייט — וועקט אויף.

דער צופרידנסטער איז דער פון וועמען די וועלט איז צופרידן.

שלעכט איז דעם וואָס האָט קיין ברויט ניט. ניט פיל בעסער איז דעם, וואָס איז מיט דעם ניט צופרידן.

זיך יאָגנדיק נאָך גליק אַנטלויפט מען דערווייל פון — צו־פרידנהייט.

## צייט

די צייט איז דאָס טייערסטע אינעם לעבן, דאָך זוכן מיר ווו זי צו פאַרברענגען.

מיר וואַרטן מיט אומגעדולד, אַז דער מאָרגן זאָל וואָס גיכער קומען, אין דער זעלבער צייט אָבער ווינטשן מיר, אַז דאָס לעבן זאָל זיך לענגער ציען.

די צייט גייט אייביק פאָרויס און ניט איין מינוט צוריק.

פאַר דעם גליקלעכן לויפט די צייט ווי אַ פרייער ווינט. פאַר דעם אומגליקלעכן לויפט זי ווי אַ שווערער וואָלקן.

די צייט האָט קיין צייט ניט זיך אָפּצושטעלן. דאָס לעבן איז צו באַשעפטיקט זיך אָפּצורוען.

אונדזערע בענקשאַפטן זיינען פאַרבונדן מיט דעם נעכטן, אונדזערע ווונטשן מיט דעם היינט און אונדזערע האָפענונגען — מיט דעם מאָרגן.

ניט מיט געלט, נאָר מיט צייט איז געשאַפן געוואָרן די וועלט, דעריבער איז צייט טייערער פון געלט.

איינער האָט ניט „ווו" די צייט צו פאַרברענגען און אַ צווייטער האָט ניט קיין צייט „ווען" זיך צו פאַרברענגען.

נאָך דער צייט העלפט ניט קיין קלוגשאַפט.

צייט איז עלטער פון לעבן און טויט.

ניט די צייט ענדערט זיך, נאָר דאָס לעבן.

„צייט" איז דער פסעוודאָנים פון „אייביקייט".

די צייט איז אייביק אַלט און אייביק יונג.

צייט דאַטירט אַלץ און אַלעמען, אָבער זי אַליין קאָן ניט ווערן דאַטירט.

מיר מוזן אַמאָל באַשטראָפט ווערן פון דער צייט, כדי צו האָבן אַ לעקציע פאַר דער צוקונפט.

מיר קענען דרייען אויף צוריק דעם זייגער, אָבער ניט די צייט.

אין שלעכטע צייטן וואַקסן שלעכטע קונדן.

יאָג זיך ניט נאָך צען סענט פאַרדינסט ביי אַ שלעכטן קונד, ער קען דיר צונעמען צייט פון צען דאָלער.

דענקענדיקע מענטשן זוכן צייט צו געווינען. פוסטע מענטשן — ווו די צייט צו פאַרברענגען.

## ציין

דאָס זיכערסטע מיטל ווי צו פאַרהיטן די ציין איז צו האַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל.

פאַלשע ציין טוען ניט וויי.

ווען מענטשן זאָלן האַנדלען נאָך דער ביבל: „אַ צאָן פאַר אַ צאָן", וואָלטן מענטשן קיין צאָן שוין ניט געהאַט אין מויל.

אַזוי ווי מ׳קען בייסן מיט פאַלשע ציינער, אַזוי קאָן מען קושן מיט פאַלשע ליפּן.

נאָענט לעבן די ליפּן וואָס קאָנען קושן ליגן די ציינער וואָס קענען בייסן.

מיר וויינען ווען מיר קריגן אונדזערע ציינער און מיר וויינען ווען מיר פאַרלירן אונדזערע ציינער.

## צירונג

די שענסטע צירונג איז אַ שיין פּנים. די טייערסטע צירונג — אַ גוטער כאַראַקטער.

זיך אויספּוצנדיק מיט שטרויס־פעדערן קען מען קיין שטרויס ניט ווערן.

## צרות

מ׳קען זיך צוגעווינען צו קענען פאַרטראָגן צרות, מ׳קען אָבער זיך ניט צוגעווינען צו זיין צופרידן מיט צרות.

ניט נאָר דאַרף מען האָבן כוח צו קענען פאַרטראָגן צרות און אומגליקן, נאָר אויך — פרייד און גליק.

אונדזער געוויסן פּלאָגט אונדז ווען מיר זיינען שולדיק אין אונדזערע אייגענע צרות. זיינען מיר אָבער שולדיק אין יענעמס צרות האָט שוין אונדזער געוויסן אַלערליי תירוצים — זיך צו באַרויִקן.

איינער טאַנצט פאַר פרייד. אַ צווייטער — פאַר צרות.

# ק.

## קאָמיזם

דער פּאַיאַץ איז אין דערווירקלעכקייט דער גרעסטער טראַגיקער, וואָס פּאַיאַצעוועט צו פאַרנאַרן זיין טראַגישקייט אין פאַרגעסנקייט. ער קען אָבער דאָך זיך ניט פאַרנאַרן און בלייבט אין זיין איינזאַמקייט נאָך עלנטער, נאָך טראַגישער.

טראַגיק באַווייזט די מענטשלעכע ליידן. הומאָר לאַכט אויס די מענטשלעכע שוואַכקייטן. קאָמיזם מאַכט שפּאַס איבער די אומזיניקייטן פונעם לעבן.

קאָמיזם איז דער הומאָר פון טראַגיזם, דערפאַר איז ניט קיין וווּנדער, וואָס מענטשן לאַכן אָפט מיט טרערן.

## קאָפּ

די פיס טראָגן דעם קאָפּ. דער קאָפּ — פירט די פיס.

ווער עס וויל היטן די פיס, דער מוז גיין מיט קאָפּ.

ווער ס'האָט אַ גוטן קאָפּ, דער בייטיקט זיך ניט אין שטאַרקע הענט.

אַ קרומער קאָפּ פירט די פיס אין קרומע וועגן.

ווען אַ מענטש זאָל האָבן צוויי קעפּ וואָלט יעדער קאָפּ דענקען אַנדערש.

אַן עצה איז נאָר פאַרן קאָפּ, אָבער ניט פאַרן האַרץ.

די פיס טראָגן דעם גאַנצן קערפּער. דער קאָפּ פירט דעם גאַנצן קערפּער.

מאַנכע מענטשן פאַרלירן דעם „קאָפּ" צוליב דעם „הוט".

## קאַרגשאַפט

ווער עס איז קאַרג מיט זיין געלט, דער איז אַן אויסברענגער מיט זיין געזונט.

מזל־ברכה ליגט אין שפּאָרן אָבער ניט אין קאַרגן.

קלוגע שפּאָרן; נאַראָנים קאַרגן.

אַ קאַרגער איז אַזאַ קראַנקער עגאָיסט, וואָס פאַרגינט ניט אַפילו זיך אַליין דאָס לעבן.

קיינער איז ניט אַזוי ערלעך ניט צו נעמען פונעם אַנדערן, ווי דער קאַרגער היט זיך — ניט צו נעמען פון זיך.

דער קאַרגער קאַרגט פון זיך דאָס גאַנצע לעבן, צום סוף קומט דער טייוול און נעמט עס צו אַן הארצווייטיק.

קאַרגשאַפט האַנדלט אַזוי ווי עס וואָלט לעבן אייביק.

אַ קאַרגער איז אַ נאַרישער עגאָיסט וואָס זאַמלט פאַר זיך און לאָזט עס איבער פאַר דעם אַנדערן.

אַ קאַרגער מענטש איז אַזאַ מין משוגענער וואָס טוט זיך שלעכטס און דעם אַנדערן ניט קיין גוטס.

קאַרגשאַפט איז זעלבסט־רויבעריי.

קאַרגשאַפט איז דער פאַנאַטיזם פון שפּאָרזאַמקייט.

קאַרגשאַפט איז דער אונטערשלאַק פון רויבעריי. דער רויבער באַרויבט דעם אַנדערן און דער קאַרגער — זיך.

## קאָרטנשפיל

די בעסטע קאָרטן טויגן ניט, ווען דער אַנדערער האָט נאָך בע־סערע.

פון אויסגעלייגטע קאָרטן קאָן מען וועגן אַ מענטשן גאָרניט זאָגן, מ׳קאָן אָבער וועגן אים זאָגן — פון שפּילן מיט אים אין קאָרטן.

וויפל דער מענטש זאָל ניט זיין פאַרדעקט און באַהאַלטן, ווערט ביים קאָרטנשפּיל אָפּגעדעקט זיין גאַנצע נאַקעטע נאַטור.

דאָס שפּילן אַמאָל אין קאָרטן איז אַ צייטווייליקע נאַרישקייט.
דאָס שפּילן שטענדיק אין קאָרטן איז שטענדיקע נאַרישקייט.

אויב ניט יעדער פּוסטער מענטש שפּילט אין קאָרטן, קענען אָבער קאָרטן מאַכן יעדן מענטשן פּוסט.

מיט גוטע קאָרטן קען מען מער פאַרשפּילן ווי מיט שלעכטע.

ביי אַ קאָרטנשפּילער איז טייערער אַ קאָרטן־מלכה ווי אַ הויז־מלכה.

## קבצן

אַ פריילעכן נגיד האָט ליב אויך אַ קבצן. אַ פריילעכן קבצן האָט ליב אויך אַ נגיד.

## קונסט

קונסט איז פאַרבונדן מיטן לעבן. זי שטייט אָבער ניט העכער פונעם לעבן.

פרימיטיווע קונסט מאָלט ווי דאָס לעבן זעט אויס. אידעאַלע קונסט מאָלט ווי דאָס לעבן דאַרף זיין.

אַפילו ווען די קונסט מאַכט אונדז ניט בעסער, פאַרדינט זי אַ קניפּ אין בעקל פאַר איר שיינקייט.

קונסט ווערט אָפּלאָדירט אַפילו ווען דער קינסטלער איז שוין טויט.

קונץ איז קונץ, אָבער ניט קיין קונסט.

קונסט איז אַן אויסדרוק פון לעבן און באַאיינפלוסט דאָס לעבן.

די גרויסקייט פון קונסט ליגט אין דעם קליין ביסעלע אָריגי־נאַליטעט.

קונסט איז די חכמה פון טאַלאַנט. קריטיק איז די לאָגיק פון חכמה.

# קושן

קושן זייַנען אויסדרוקן וואָס רעדן אָן ווערטער און זאָגן מער פון ווערטער.

פאַר אַ קוש גיט מען ניט קיין ביס און פאַר אַ ביס גיט מען ניט קיין קוש.

# קיבעץ

ווער ס׳קען ניט צונעמען אַ קיבעץ, דעם זאָל מען ניט געבן קיין קיבעץ.

וויץ און קיבעץ איז די זאַלץ און פעפער פון הומאָר און סאַטי־רע. הומאָר און סאַטירע איז די זאַלץ און פעפער פון ליטעראַטור און לעבן.

אַ קיבעצער איז אַ לוסטיקער לונג און לעבער. פאַר די געקי־בעצטע איז ער אַ בייסנדיקע פליג.

אַ קיבעץ איז הונדערט מייל פון הומאָר און טויזנט מייל פון קריטיק.

מיט דעם פאַרשטיין אַ קיבעץ איז מען נאָך ניט קיין חכם, מען מוז נאָך צו דעם קענען אויך פאַרטראָגן אַ קיבעץ.

קריטיק האָט צו טאָן מיט מענטשלעכע פעיקייטן. הומאָר און סאַטירע — מיט מענטשלעכע שוואַכקייטן. לצנות און קיבעץ — מיט אייגענער פוסקייט.

דער קיבעצער, ווען ער איז צו דער צייט און מיט אַ מאָס, פאַר־דינט נאָך אַמאָל אַ גוט־ברודערישן פאַטש אין פלייצע. ווערט ער אָבער חוצפּהדיק און וויל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון קריטיק, פאַר־דינט ער מען זאָל אים פון אַלע טרעפּ אַראָפּוואַרפן.

אַ וויצלער איז אַ קלוגער נאַר. אַ קיבעצער איז אַ נאַרישער חכם.

## קינד — קינדער

ווען מען ווערט הילפלאָז ווי אַ קינד, ווערט מען נאַריש ווי אַ קינד.

קינדער זיינען נאָכמאַכעריש און פון זייערע שפּילערייען איז צו דערזען די סביבה פון די גרויסע.

מיט עלטערן פילט מען זיך ייִנגער; מיט קינדער — עלטער.

עלטערן און קינדער געהערן צום שיקזאַל, דאָס קען מען זיך ניט אויסקלייבן.

ווען קינדער ווערן פון זייערע עלטערן געלויבט, מיינט עס גאָרניט. ס'מיינט אָבער אַ סך ווען זיי ווערן פון אַנדערע געלויבט.

מ'דאַרף האָבן מער וויסן און פאַרשטאַנד אומצוגיין מיט אַ קליין קינד, ווי מיט אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

אַז מ'שטאָפּט אַ גאַנדז ווערט זי פעט. אַז מ'שטאָפּט אַ קינד ווערט עס קראַנק.

די וועלט פון אַ קליין קינד איז זייער קליין און זייער שווער צו פאַרשטיין.

מ'דאַרף אַמאָל לאָזן אַ קינד באַרירן פייער, כדי עס זאָל מורא האָבן פאַר פייער.

קינדער ליידן מער פון צו גוטע עלטערן, ווי פון שלעכטע עלטערן.

## קינסטלער

דער קינסטלער זוכט אין דער קונסט מער שיינקייט. דער דענקער — מער אינהאַלט.

סטיל און פאָרם זיינען די מיטלען פון קונסט. פאַר דעם קינסטלער אָבער זיינען זיי דער אינהאַלט פון קונסט.

קינסטלער שאַפן מיט דער וואַרעמער אינספּיראַציע פון די הייסע איינדרוקן פון מאָמענט. היסטאָריקער אָבער מוזן וואַרטן ביז די הייסע איינדרוקן פון פאַסירונגען ווערן קאַלט.

די פרוי איז די שטאַרקסטע אינספּיראַציע פונעם קינסטלער. אַמאָל איז זי פאַר אים אַ ברויזנדיקער ים און אַמאָל — אַ שטילער קוואַל.

קינסטלער אַפּלאָדירן אַ קינסטלער צוליב דער קונסט, אָבער ניט די קונסט צוליב דעם קינסטלער.

די גרויסקייט פון אַ קינסטלער ליגט אין זיינע ווערק, אָבער ניט אויף זיין פּנים.

ווי גרויס אַ קינסטלער זאָל ניט זיין אויך אַלס מענטש, שאַפט ער זיינע קונסטווערק מער אויס ליבע צו זיך, ווי אויס ליבע צו דער מענטשהייט.

אינספּיראַציע גיט דעם קינסטלער באַגייסטערונג. פאַנטאַזיע — בילדלעכקייט און געפיל — וואַרעמקייט.

אַ גוטער בעל־מלאכה קען מען ווערן צוליב נויט און ברויט, אָבער צו ווערן אַ גוטער קינסטלער מוז מען שוין באַזיצן טאַלאַנט און אַמביציע.

אַ קינסטלער איז פאַראַנטוואָרטלעך בלויז פאַר זיין אייגן ווערק. אַ קריטיקער — פאַר „פרעמדע".

וואָס דער קינסטלער פילט דורך ביים שאַפן מיט זיין וואַרעם האַרץ, דאָס מוז דער קריטיקער דורכשטודירן מיט זיין קאַלטן קאָפּ.

# קלוג — קלוגשאַפט

קלוגשאַפט האָט צו טאָן מיט גוטסקייט און ערלעכקייט. נאַריש־קייט — מיט שלעכטסקייט און פאַלשקייט.

אויך דער קלוגער באַגעגנט דעם שלימזל. דער נאַר אָבער לאָזט אים ניט אַוועקגיין.

דער קלוגער לערנט אַפילו פון דעם נאַר. דער נאַר — אַפילו ניט פון דעם קלוגן.

אַ קלוגער נעמט אויף קריטיק מיט דאַנקבאַרקייט. אַ נאַר — מיט זילזולים.

אָפּצוטאָן אַ נאַרישע זאַך דאַרף מען ניט וואַרטן. אָפּצוטאָן אַ נאַרישע זאַך דאַרף מען זיך ניט איילן.

קלוגשאַפט וועגט איבער אַלע חסרונות; נאַרישקייט — אַלע מעלות.

ווער עס האַלט זיך קליגער פון דער וועלט, דער מאַכט זיך נאַריש פאַר דער וועלט.

אַ קלוגער פרעגט אַן עצה דעם וואָס ווייסט און פאַרשטייט בע־סער פון אים. אַ נאַר — וועמען ער טרעפט.

אַ קלוגער מיט אַ נאַר קענען ניט גיין צוזאַמען, ווייל דער קלוגער גייט מיטן גראַדן וועג און דער נאַר — מיטן קרומען וועג.

אַן עצה מוז מען פרעגן ביי דעם וואָס איז קליגער און דערפאַ־רענער, אָבער לערנען קען מען אויך פון דעם וואָס איז נאַרישער און אומדערפאַרענער.

אַ קלוגער איז קלוג פאַר דעם קלוגן, אָבער ניט פאַר דעם נאַר.

קלוגשאַפט און נאַרישקייט רייסן זיך שטענדיק אַרום, דאָך — שלאָפן זיי אָפט צוזאַמען אין איין בעט.

אין דעם דורכפאַל פון אַ קלוגן איז אָפט שולדיק אומשטאַנד און צופאַל; אין דעם דורכפאַל פון אַ נאַר — לייכטזיניקייט און נאַריש־קייט.

אָפט האַלט מען אַ קלוגן פאַר שלעכט, ווייל ער לאָזט זיך ניט אָפנאַרן.

דער קלוגער ליידט צוליב דעם נאַר; דער גוטער — צוליב דעם שלעכטן.

מ׳קען זיין רייך און דאָך ניט זיין ערלעך. מ׳קען זיין געבילדעט און דאָך ניט זיין קלוג.

מ׳קען ניט זיין באמת גוט ווען מ׳איז נאַריש און מ׳קען ניט זיין באמת קלוג ווען מ׳איז שלעכט.

א חכם שלאָגט זיך מיט דער דעה. אַ נאַר — אָן דער דעה.

קיין חכם איז ניט אַזוי פעיק אַרויסצווייזן זיין קלוגשאַפט, ווי דער נאַר — זיין נאַרישקייט.

די אייגנשאַפטן וועלכע זיינען ביים חכם מעלות, זיינען זיי ביים נאַר גאָר חסרונות.

קיין חכם איז ניט אַזוי קלוג צו קענען אויסרעכענען וואָס דעם נאַר קען איינפאַלן.

פאַר דעם קלוגן איז דער נאַר אַ קלאָרער שפּיגל. פאַר דעם גוטן איז דער שלעכטער אַ גוטער ביישפּיל.

ווען אַ קלוגער האָט וואָס צו זאָגן, גייט ער גלייך צו צום פּסוק. אַ נאַר אָבער הייבט אָן הקדמנען מיט חכמות און ענדיקט מיט נאַרישקייטן.

אַפילו דער קליגסטער קען באַגיין אַ נאַרישקייט ווען ער ווערט אַרויסגעבראַכט פון געדולד, דעריבער איז קלוגשאַפט פאַרבונדן מיט קאַלטקייט און געלאַסנקייט.

מיר מוזן פיל מאָל זיך באַנאַרישן ביז מיר קריגן דאָס ביסעלע קלוגע דערפאַרונג. מיר מוזן פיל מאָל בלאָנדזשען ביז מיר געפינען דעם ריכטיקן וועג.

עס איז אַ חכמה צו זיין אַ חכם צווישן חכמים. צווישן נאַראָנים קען אַפילו אַ נאַר זיין אַ חכם.

ניט אַלע קלוגע זיינען גלייך. איינער איז קלוג פאַר דער צייט, אַ צווייטער — נאָך דער צייט און אַ דריטער — צו דער צייט.

קלוגע מענטשן ווערן פון זייערע דורכפאַלן פּראַקטישער און פאָרזיכטיקער. נאַרישע מענטשן ווערן צעטומלט און צוזאַמענגע־בראָכן.

די גרענעץ צווישן נאַרישקייט און קלוגשאַפט איז זייער אַ שמאָ־לע. דער נאַר אָבער איז צו נאַריש אַריבערצוגיין אויף דער קלוגער זייט און דער קלוגער איז צו קלוג אַריבערצוגיין אויף דער נאַרישער זייט.

די צרה איז מיט דעם נאַר וואָס אָנשטאָט צו גלויבן אַז קלוג־שאַפט ליגט אינעם שווייגן, גלויבט ער, אַז דעם אמת מוז מען זאָגן אין די אויגן.

קלוגשאַפט און גרויסקייט זיינען נאָענט פאַרוואַנדט, דאָך גייען זיי ניט אַלעמאָל צוזאַמען.

אַ קלוגן מענטשן איז לייכטער צו דערקענען צווישן קלוגע

מענטשן. אַ גרויסן מענטשן איז לייכטער צו דערקענען צווישן קליי־נע מענטשן.

מען קען זיין קלוג און דאָך ניט זיין גרויס. מען קען אָבער ניט זיין גרויס ווען מען איז נאַריש.

וואָס קליגער, וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ קליגער, אַלץ גרעסער איז ער צו דערזען, צו וויסן, אַז עס זיינען פאַראַן קליגערע, גרעסערע פון אים.

יאָרן מאַכן קליגער, אָבער ניט יינגער.

## קליידער

ריינע קליידער איז מער פאַר זיך. שיינע קליידער — מער פאַר דעם אַנדערן.

מענטשן זיינען מער אויסן מיט זייערע קליידער צו באַדעקן זייער כאַראַקטער ווי זייער קערפּער. דעריבער טאַקע לערנען מיר מענטשן נאָך זייערע קליידער.

אַ פלעק קען נאָר מיאוס מאַכן אַ גאַנצן בגד, אָבער ניט — אַ צעריסענעם.

אָנטוענדיק אונדזערע קליידער ווערן מיר ערשט אָנגערעגט אויסצוטאָן אונדזער מאָראַל.

פּראָסטע קעפּ טראָגן מייסטנס די בעסטע קאַפּעליושן.

## קליין

ס׳איז שוין בעסער צו זיין דער קלענסטער צווישן ריזן, ווי דער גרעסטער צווישן קאַרליקעס.

קליינע מענטשן האַלטן זייער קליינקייט פאַר גרויסקייט. גרויסע מענטשן האַלטן אַפילו זייער גרויסקייט פאַר קליינקייט.

ס׳איז לייכטער צו זיין קליין ווי זיך צו האַלטן קליין.

## קליינקייט

ניט יעדער וואָס איז קליין איז געמיין, אָבער יעדער וואָס איז געמיין איז קליין.

ניט דער איז דער אמתער קאַרליק וועלכער איז פיזיש קליין, נאָר דער וועלכער איז גייסטיק קליין.

קליינע מענטשן זוכן נאָר זיך און דערזעען זיך קיינמאָל ניט.

קליינע קינדער האָבן מורא פאַר פינצטערקייט. קליינע מענטשן — פאַר ליכטיקייט.

גרויסקייט ווייסט ניט ווי גרויס זי איז און קליינקייט — ווי קליין זי איז.

גרויסקייט ווייסט ניט, אַז זי איז גרויס. מיטלמעסיקייט וויל זיין גרויס און קליינקייט האַלט זיך גרויס.

ניט יעדער קען זיין גייסטיק גרויס, אָבער יעדער קען זיין מענטשלעך קליין.

ווען קליינקייט ווערט מעכטיק, ווערט זי צו גרויסקייט גרויזאַם.

גרויסקייט ווערט פון התפעלות פאַרגרעסערט. קליינקייט ווערט פון ביטול פאַרקלענערט.

איגנאָרירן גרויסקייט איז די קנאה און שנאה פון קליינקייט.

קליינע מענטשן זיינען מער צופרידן פון זייער קליינקייט, ווי גרויסע מענטשן פון זייער גרויסקייט.

ליבע און פריינדשאַפט פירט צו גרויסקייט. האַס און פיינטשאַפט — צו קליינקייט.

קליינע מענטשעלעך שטופּן זיך אויבן־אָן, כדי מ'זאָל זיי באַמערקן, אָבער דווקא אין דעם דערזעט מען בולטער אָן זייער קליינקייט.

קליינלעכע אינטערעסן האָבן קליינלעכע פאָדערונגען און שטעלן זיך צופרידן מיט קליינלעכע באַפרידיקונגען.

גרויסקייט ווערט באַגעגנט מיט רעספּעקט און באַגלייט מיט ליבע. קליינקייט ווערט באַגעגנט מיט שמייכל און באַגלייט מיט געלעכטער.

סיי דער ריז און סיי דער קאַרליק ווערן באַוווּנדערט. דער ערשטער פאַר זיין גרויסקייט און דער לעצטער — פאַר זיין קליינקייט.

אין האַלטן זיך קליין ליגט גרויסקייט. אין האַלטן זיך גרויס — ליגט קליינקייט.

וואָס קלענער דער מענטש איז, אַלץ גרעסער איז דער שוטה אין אים.

די גרויסקייט פון אַ מענטשן ליגט אין זיין גוטסקייט. זיין קליינקייט — אין זיין שלעכטסקייט.

## קנאה

קנאה איז ניט אַזוי אָרעם ווי דער בעל־קנאה און אַזוי עלנט ווי דער בעל־שנאה.

די וואָס ליידן פון קנאה קענען ניט געהיילט ווערן פון שנאה.

קנאה איז דער אָנהייב פון שנאה.

קנאה און שנאה זיינען די הויפּט־אַקטיאָרן פון אַלע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס פון לעבן.

עס איז גאָרניט מקנא צו זיין דעם קלוגן ווו ער איז דער איינציקער חכם.

שוואַכע מענטשן זיינען שטאַרק מקנא.

קנאה רופט אַרויס ביי טאַלאַנטירטע אַמביציע און אינספּיראַציע. ביי טאַלאַנטלאָזע — נאָכמאַכונג און פּלאַגיאַט.

## קעגנוואַרט

די קעגנוואָרט האַלט אָן מיט איין האַנט די פאַרגאַנגענהייט און מיט דער אַנדערער — די צוקונפט.

די קעגנוואָרט לעבט מיט דער יניקה פון דער פאַרגאַנגענהייט און מיט דער אינספּיראַציע פון דער צוקונפט.

פון דעם „נעכטן" איז צו פאַרשטיין דעם „היינט" און פון דעם „היינט" איז צו זען דעם „מאָרגן".

לאַגווייליק איז דער „היינט" ווען מ׳ווייסט שוין דעם „מאָרגן" און אומגעדולדיק איז דער „היינט", ווען מ׳קען ניט דערוואַרטן דעם „מאָרגן".

ווען דער מענטש וואָלט געוווסט דעם „מאָרגן און איבערמאָרגן" וואָלט ער קיין געדולד ניט געהאַט דורכצולעבן דעם „היינט".

אין וויגעלע ליגט די צוקונפט; אין קבר — די פאַרגאַנגענהייט און צווישן זיי בלאָנקעט אום די קעגנוואַרט.

דער „היינט" לערנט זיך פונעם „נעכטן" און לערנט דעם „מארגן".

וואס מען איז היינט מעקט אפ וואס מען איז געוועז נעכטן.

„היינט" איז דער נעכטיקער „מארגן" און דער מארגנדיקער „נעכטן".

## קראַנקייט

אַ געזונטער מאגן און אַ געזונט האַרץ שרעקן זיך ניט פאַר קיין קראַנקייט.

דער מאָגן פּראָטעסטירט קעגן שלעכטער באַהאַנדלונג און זיין פּראָטעסט איז — קראַנקייט.

אַ גוט דאָקטאָר־בוך און אַ גוט קאָכבוך זיינען די בעסטע פריינד.

גיפט איז געפערלעך, אָבער אַלס מעדיצין איז עס אַ רפואה.

עס נעמט מער צייט געזונט צו ווערן ווי קראַנק צו ווערן; צו בויען — ווי צו צעשטערן.

דער קראַנקער מוז אַלעמאָל זאָגן דעם דאָקטאָר דעם אמת. דער דאָקטאָר אָבער טאָר ניט אַלעמאָל זאָגן דעם קראַנקן דעם אמת.

דאָס וויסן די אורזאַכן פון אַ קראַנקייט איז אַזוי וויכטיק ווי דאָס וויסן די מעדיצין פאַר דער קראַנקייט.

ניט נאָר איז איין רעצעפּט ניט גוט פאַר אַלע קראַנקייטן, נאָר אויך ניט פאַר אַלע קראַנקע, וואָס ליידן פון דער זעלבער קראַנקייט.

אמת, פון ווייניק עסן ווערט מען שוואַך. אָבער פון צופיל עסן ווערט מען קראַנק.

זיך „היטן" פון אַ קראַנקייט איז לייכטער ווי צו „אַנטלויפן" פון איר.

## קריג

„אַלע מענטשן זיינען ברידער" — פּראָקלאַמירט די אַלמענטש־לעכע עטיק. אפשר דערפאַר הרגענען אַזוי די מענטשן, ווייל יעדער וויל בלייבן דער איינציקער יורש.

ס'קלינגט טרויעריק דאָס ליד פון פרידן, ווען מ'האָט דערביי אין זינען קריג.

אויך גייסטיקע מלחמות קאָסטן בלוט, זיי ווערן אָבער ניט באַנעצט מיט בלוט.

ווען צוויי אינזעקטן שלאָגן זיך, איז דער קאַמף פאַר זיי אַזאַ ביטערער, ווי עס וואָלטן זיך שלאָגן צוויי לייבן.

מיט גענעראַלן אַליין קען מען קיין מלחמה ניט געווינען.

## קריטיק

קריטיק זאָגט דעם אמת מיט אַן „אמת"; הומאָר — מיט „געלעכטער".

קריטיקירן איז די העכסטע מדרגה; אָפּלאַכן — די נידעריקסטע און פאַרשווייגן —קיין מדרגה.

הומאָר און סאַטירע מוזן באַהויכט זיין מיט ערנסטער קריטיק, אַניט האָבן זיי דעם טעם בלויז פון זאַלץ און פעפער.

ס'איז פאַלש זיך צו באַקלאָגן, אַז מיר האָבן צופיל קריטיקער, ס'איז אָבער רעכט זיך צו באַקלאָגן, אַז מיר האָבן צופיל פאַלשע קריטיקער.

קריטיק, מיט איר גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מוז באַהויכט זיין מיט הומאָר און סאַטירע, אויב זי וויל ניט האָבן דעם טעם פון אַן זאַלץ און פעפער.

פריינד קריטיקירן; שונאים — באַריידן.

אַ קלוגער נעמט אָן קריטיק אַלס פריינדשאַפט; אַ נאַר — אַלס פיינטשאַפט.

מאַנכע נעמען זיך צו קריטיקירן קינסטלער, ווייל זיי קענען ניט ווערן קיין קינסטלער.

ביטול איז די קריטיק פון אַ בטלן; חוזק — פון דעם נאַר.

קריטיק זאָגט די פעלערן אין די אויגן; רכילות — הינטער די אויגן.

ערלעכע קריטיק, ווי אמתע מוטער־ליבע, קען מען ניט קויפן.

אמתע קריטיק איז אויסן ניט נאָר אָפּשאַצן דעם קינסטלער, נאָר אויך אים צו פאַרבעסערן.

ניט אַלע קריטיקער זיינען גלייך. מאַנכע זיינען וועגווייזער, מאַנכע וועכטער; מאַנכע — אָנקלאָגער און מאַנכע — ריכטער.

פונקט אַזוי ווי דער קינסטלער מוז האָבן די גייטיקע שטימונג ביים שאַפן אַ ווערק, אַזוי מוז דער קריטיקער עס האָבן ביים אָפּ־שאַצן דאָס ווערק.

מ׳קען די קריטיק איגנאָרירן; מ׳קען אָבער פון איר זיך ניט באַהאַלטן.

דער קריטיקער וואָס זוכט נאָר דאָס שלעכטע קען שוין אַליין ניט זיין פון די גוטע.

אַ גוטער קריטיקער קריטיקירט מיט ערלעכקייט, ניט מיט רחמנות.

גרויס איז דער קריטיקער וואָס קען אָפּשאַצן דעם קינסטלערס אמתן ווערט. נאָך גרעסער איז דער קריטיקער וואָס קען אים אָנ־ווייזן זיין אמתן וועג.

די קריטיק קען העלפן דעם קינסטלער, וואָס האָלט נאָך אין וואַקסן, אָבער ניט דעם, וואָס האָט שוין אויפגעהערט צו וואַקסן.

אַ קריטיקער קען זאָגן דעם קינסטלער „וועגן" זיין שאַפן, אָבער נישט „וואָס" צו שאַפן.

ווער עס פאַרשטייט קריטיק, דער קען פאַרטראָגן קריטיק.

טאַלאַנט ווערט קריטיקירט; טאַלאַנטלאָזיקייט — איגנאָרירט.

ווו עס זיינען דאָ מעלות זיינען פאַראַן אויך חסרונות. דער קריטיקער וואָס קען ניט אָנווייזן אויף די מעלות, קען מען אים ניט געטרויען אויף די אָנגעוויזענע חסרונות.

די חכמה פון קריטיק איז דעם קינסטלער צו געפינען. די קונסט פון קריטיק — צו קענען אים פאָרשטעלן פאַר דער וועלט.

פון דער קריטיק איז אָפט מער אַרויסצוזען דעם קריטיקער, ווי — דעם קינסטלער.

דער קריטיקער איז מער פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם קינסטלער, ווי דער קינסטלער פֿאַר דעם קריטיקער.

# ר.

## רב

אַז אַן עם־הארץ גייט צוזאַמען מיטן רב, האַלט ער זיך אַזוי ווי ער וואָלט געווען דער רב.

אַז מען זיצט לעבן אַ רב, מיינט עס נאָך ניט, אַז מען איז אַ למדן.

## רחמנות

מענטשן זיינען מער סענטימענטאַל רחמנות צו האָבן אויף דעם אַנדערן ווי אויף זיך.

מ׳דאַרף זיין זייער אומגליקלעך, כדי צו האָבן אויף זיך רחמנות.

אויך אויף אַ וואָרעם האָבן מיר רחמנות, אָבער דער רחמנות איז געמישט מיט עקל.

רחמנות איז אַמאָל אכזריות.

## ריידן

ווער עס רעדט אַ סך, ווייסט אַליין ניט וואָס ער רעדט; ווער עס שרייט, הערט אַליין ניט וואָס ער זאָגט.

זאַכלעכקייט און קורצקייט איז דאָס קליגסטע פֿון ריידן און שרייבן. קלאָרקייט און איינפֿאַכקייט איז דאָס שווערסטע.

„ווי" מען זאָגט, זאָגט אָפֿט מער, ווי „וואָס" מען זאָגט.

די וואָס ריידן פֿיל דענקען ווייניק.

יעדער קען זאָגן אַ שלעכט וואָרט, אַ מיאוס וואָרט, ניט יעדער אָבער קען זאָגן אַ קלוג וואָרט און אַ גוט וואָרט.

אַמאָל רעדט איינער צו זיך, כּדי צו דערהערן זיין געוויסן, אַמאָל — כּדי שטום צו מאַכן זיין געוויסן.

אין אַ גוט וואָרט ליגט קלוגשאַפט. אין אַ קורץ וואָרט ליגט קונסט.

איינעם איז שווער צו ריידן, אַ צווייטן — צו שווייגן.

פון טראַכטן ביז ריידן איז אַ מייל. פון ריידן ביז טאָן — צוויי מייל.

מ׳דאַרף אַלע מאָל וויסן וואָס מען רעדט, אָבער ניט אַלע מאָל ריידן וואָס מען ווייסט.

מען קען זינגען אַלע צוזאַמען, אָבער ניט ריידן.

ווער עס קען ניט ריידן מיט זיין שווייגן, דער קען גאָרניט זאָגן מיט זיין ריידן.

ווילסט מיט מענטשן לעבן צוזאַמען מוזסטו ריידן ווי זיי; ווילסטו מיט מענטשן אויסקומען, מוזסטו דענקען ווי זיי.

דאָס רוב פון די וואָס ריידן אַ סך, האָבן ווייניק צו זאָגן.

קלוג ריידן געהערט צו חכמה; שיין ריידן — צו טאַלאַנט.

דענקען קען מען אַליין; ריידן אָבער מוז מען האָבן מיט וועמען.

ס׳איז ניט גוט צו הערן יענעם ריידן ווען ער דאַרף שווייגן. ס׳איז אָבער אויך ניט גוט צו זען יענעם שווייגן ווען ער דאַרף ריידן.

אַז מען ווייסט ניט וואָס צו ריידן, העלפן ניט קיין פעיקייטן ווי צו ריידן.

אַז מען רעדט וואָס מען פילט, רעדט זיך האַרציקער. אַז מען רעדט וואָס מען ווייסט, רעדט זיך קלאָרער, אַז מען ווייסט פאַר וועמען מען רעדט, רעדט זיך קליגער.

דאָס מויל רעדט וואָס דער שׂכל קלערט. דאָס פּנים זאָגט וואָס דער מענטש פאַרמאָגט.

ווער ס׳האָט ניט וואָס צו ריידן — באַרעדט. ווער עס ווייסט ניט ווי צו ריידן — פּלאַפּלט.

## רייך

דעם, װער עס איז אינערלעך רייך, אַרט ניט װאָס ער איז אויסערלעך אָרעם.

מענטשן זיינען רייך ניט מיט װיפל זיי פאַרמאָגן, נאָר מיט װיפל זיי קענען זיך באַנוצן און מיט װיפל זיי זיינען צופרידן.

רייך איז ניט דער װאָס פאַרמאָגט אַ סך געלד, נאָר דער װאָס טוט מיט דעם פיל גוטס.

## ריכטער

װוּ ס'זיינען דאָ פיל שופטים, דאַרט זיינען דאָ פיל משפטים.

אַ ריכטער דאַרף האָבן רחמנות, ער טאָר אָבער ניט באַאיינפלוסט װערן פון רחמנות.

כדי צו זיין אַ ריכטער איבער דעם מענטשלעכן לעבן, איז ניט גענוג צו װיסן דאָס געזעץ. מ'דאַרף נאָך צו דעם גוט קענען דעם מענטשנס כאַראַקטער און װיסן זיינע אומשטאַנדן.

אַ ריכטער װאָס קען ביי אַ פּראָצעס אַרויס פון די כלים, טאָר זיך געזעצלעך ניט געטרויען צו משפּטן די װאָס גנבענען כלים.

## רעדאַקטאָר

אַ פאַראַנטװאָרטלעכער רעדאַקטאָר פאַרלאָזט זיך ניט אויף דער באַרימטקייט פונעם שרייבער.

אַ גוטער רעדאַקטאָר קען פאַרבעסערן דעם מאַנוסקריפּט פונעם שרייבער, אָבער ניט דעם שרייבער פונעם מאַנוסקריפּט.

די באַרימטקייט פון אַ שרייבער אַטראָפירט די רעדאַקציאָנעלע פאָרזיכט אַפילו פונעם בעסטן רעדאַקטאָר.

## רעדנער

אַ קלוגער רעדנער רעדט מיט קאָפּ. אַ גוטער רעדנער — מיט האַרץ.

נאָך אַ גוטן רעדנער זאָל אַ שלעכטער רעדנער דאָס מויל ניט עפענען.

קלוגע רעדנער גייען גלייך צו צום פסוק און האַלטן זיך זאַכלעך קורץ; נאַרישע רעדנער הייבן אָן פּלאַפּלען מיט לאַנגע הקדמות און ווען זיי קומען ענדלעך צום פסוק, שטייען שוין אַלע ווי אויף שפּיל־קעס אַוועקצוגיין.

ווען איינער שטעלט זיך אַוועק ריידן מיט דער דערקלערונג, אַז ער איז ניט קיין רעדנער, מיינט ער מיט דעם צו זאָגן: דאָך מעגט איר זיך איינהערן וואָס פאַר אַ חכם איך בין.

ניט אַלע רעדנער ריידן גלייך, אָבער יעדער רעדנער מוז וויסן פאַר וועמען ער רעדט, וואָס ער דאַרף זאָגן און ווי עס צו זאָגן.

אַ רעדנער דאַרף וויסן ניט נאָר „וואָס" צו זאָגן, נאָר אויך „ווי" צו זאָגן.

## רעליגיע

רעליגיע איז דאָס וויגליד פון דער מענטשהייט, וואָס טרייסט און באַרואיקט די מענטשלעכע זאָרג און ליידן.

מ׳קאָן זיין מאָראַליש און דאָך ניט זיין רעליגיעז. מ׳קען אָבער ניט זיין רעליגעז און ניט זיין מאָראַליש.

איך בין פאַר רעליגיע אויף וויפל זי טוט די מענטשהייט האַרמאָניש פאַרברידערן און מאָראַליש צעמענטירן. איך בין קעגן רעליגיע אויף וויפל זי טוט די מענטשהייט צעשפּליטערן און פאַ־נאַטיש טעראָריזירן.

יעדער מענטש וואָס קען דענקען, איז מער אָדער ווייניקער רעליגיעז אַפילו ווען ער דענקט אַז ער איז ניט רעליגיעז.

רעליגיע, גלויבן, האָבן זייערע פאַרדינסטן. זיי מאַכן אָבער נאָ־ראַנים פאַנאַטיש און אומוויסנדיקע — אבערגלויבעריש.

ניט פון דער רעליגיע ליידט די מענטשהייט, נאָר פון אירע היפּאָקריטן און פאַנאַטיקער.

ווי פאַרשיידן די רעליגיעס פון פעלקער זאָלן ניט זיין, זיינען זיי אַלע פאַראייניקט צו אונטערדריקן דעם פרייען געדאַנק און ווערן אויסגענוצט פון די שטאַרקערע קעגן די שוואַכערע, פון די רייכע קעגן די אָרעמע.

אמת, רעליגיע איז ניט אויסן קיין שלעכטס. זי ווערט אָבער פון שלעכטע מענטשן אויסגענוצט פאַר שלעכטס.

רעליגיע איז אויסן צו פאַרהיטן די מענטשהייט פון שלעכטס. זי מאַכט אָבער נאַראָנים ווילד פאַנאַטיש און ברענגט דערמיט שלעכטס.

די עטיק פון רעליגיע איז באמת פיינטלעך צו פלוטאָקראַטיע און עקספּלואַטאַציע און זי איז גאָרניט שולדיק וואָס קאַפּיטאַליזם טוט זיך היפּאָקריטיש מיט איר באַשיצן.

די פונקציע פון רעליגיע איז אָדער דער מענטש זאָל אָנהאַלטן זיין בטחון און ניט ווערן פאַרצווייפלט, אָדער — אים אומצוקערן זיין בטחון, אים אַרויסצופירן פון זיין פאַרצווייפלונג.

אויף וויפל מענטשן זיינען געווען רעליגיעז, זיינען זיי עס נאָך היינט. נאָר די רעליגיעזע געפילן, ווי אַלע אַנדערע געפילן, וואָס האָבן זיך געענדערט מיטן לעבן, לעבן זיך איצט אויס אין נייע אידעען, אין נייע אידעאַלן.

די הייליקייט פון דער רעליגיע ליגט אין דער ליבע צום מיט־מענטשן, אָבער ניט צו גאָט.

ווי אַלט עס איז די מענטשהייט, אַזוי אַלט איז די רעליגיע.

רעליגיע זוכט צו באַקעמפן די וויסנשאַפט מיט מאַכט און גע־וואַלט; די וויסנשאַפט — די רעליגיע מיט וויסן און אויפקלערונג.

ביי רעליגיע און געשיכטע לאָזן קיין פשרות זיך ניט מאַכן.

רעליגיע איז דער עמאָציאָנעלסטער אויסדרוק פון געפיל. פי־לאָזאָפיע — דער אינטעלעקטועלסטער אויסדרוק פון געדאַנק און וויסנשאַפט — דער ראַציאָנאַלסטער אויסדרוק פון וויסן.

רעליגיעזע מנהגים זיינען אומגעשריבענע געזעצן, וואָס זיינען געוועבט און געקנוילט מיט טראַדיציע, גלויבן און אָבערגלויבן.

וויסנשאַפט מאַניפעסטירט מיט דעם אמת פון איבערצייגונג. פילאָזאָפיע — מיט דעם אמת פון לאָגיק און רעליגיע — מיט דעם אמת פון גלויבן.

אידעאַליזם איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר היפּאָקריטישע אָנ־הענגער, היסטאָריע — פאַר אויסגעטראַכטע לעגענדעס און רעליגיע — פאַר נאַרישע מנהגים און טראַדיציעס.

רעליגיע איז אַ שטרענגער פאָטער, ליבע — אַ פאַלשע מוטער און מאָראַל — אַ טויט קינד.

## רשע

דער רשע דאַרף ניט האָבן דעם טייוול צו הילף.

פאַר דער גוטסקייט פון אַ נאַר איז ניט וויינקער זיך צו היטן, ווי פאַר דער שלעכטסקייט פון דעם רשע.

# ש.

## שאָטן

שאָטנס זעען זיך פינצטערער דאָרט וווּ ס׳איז ליכטיקער. ליכט־שטראַלן זעען זיך ליכטיקער דאָרט וווּ ס׳איז פינצטערער.

גוטע צייטן לויפן ווי ווינטן. שלעכטע צייטן קריכן ווי שאָטנס.

וווּ עס איז פינצטער, דאָרט זיינען ניטאָ קיין שאָטנס.

דער שטן האָט קיין שאָטן ניט.

## שוואַכקייט

אַמאָל האָט מען מורא מיט איינעם צו קעמפן ניט דערפאַר, וואָס ער איז צו שטאַרק, נאָר דערפאַר וואָס ער איז צו שוואַך.

שוואַכע מענטשן ווילן ווערן קאָמפּלימענטירט, שטאַרקע — רעספּעקטירט.

אַ שוואַכלינג קעמפט כדי מ׳זאָל אים האַלטן פאַר אַ העלד. אַ העלד קעמפט כדי צו באַשיצן די שוואַכערע.

אַמאָל לאָזט זיך אַ שטאַרקער באַזיגן פון אַ שוואַכערן, ווייל ער האָט מורא פאַר זיין שוואַכקייט.

קראַפט ליגט אין מוט. שוואַכקייט — אין מורא.

ס׳איז זייער שלעכט ווען אַ מענטש ווייסט ניט פון זיין קראַפט. נאָך ערגער ווען ער ווייסט ניט פון זיין שוואַכקייט.

דער וואָס ווייסט פון זיינע שוואַכקייטן איז שטאַרקער פאַר דעם וואָס ווייסט ניט פון זיין קראַפט.

עס איז ניטאָ קיין גרעסערער שוואַכלינג פאַר דעם וואָס האָט קיין צוטרוי ניט צו זיך.

מענטשן וואָלטן ניט געווען אַזוי שוואַך ווען זיי וואָלטן ניט אויסגעניצט זייער קראַפט — אויף שוואַכקייט.

## שווייגן

איינער שווייגט ווייל ער איז שטום. אַ צווייטער — ווייל ער איז דום און אַ דריטער — ווייל ער האָט ניט מיט וועמען צו ריידן.

ווען שווייגן וואָלט באמת געהערט צו קלוגשאַפט, וואָלט קיין חכם ניט חתונה געהאַט.

ווען שווייגן רעדט, הערט נאָר פאַרשטאַנד.

אַמאָל שווייגט מען, ווייל מען האָט ניט וואָס צו ריידן; אַמאָל — ווייל מען האָט צופיל צו ריידן.

שווייגן איז ניט קיין חכמה; אַ חכמה איז וויסן ווו און ווען צו שווייגן.

די טיפסטע שפּראַך איז מוזיק. די רייכסטע — שווייגן.

מיט שווייגן קען מען אַמאָל מער אָפּנאַרן ווי מיט ריידן.

אַמאָל שווייגט מען ווייל מען האָט ניט וואָס צו ענטפערן. אַמאָל — ווייל עס איז ניטאָ וועמען צו ענטפערן.

ווער עס קען ניט ריידן, דער מוז קענען שווייגן.

ווער עס ווייסט ניט ווען צו שווייגן, דער ווייסט אויך ניט ווען צו ריידן.

דאָס וואָס אַכצן מענטשן גיבן צו, אַז שווייגן איז גוט, זייבען זיי מיט דעם אויסן אַז דער אַנדערער זאָל שווייגן.

## שווימען

ווי שווער ס'איז צו שווימען קעגן שטראָם, אַזוי לייכט איז צו שווימען מיטן שטראָם.

# שטאַרקייט

מיט פיזישער שטאַרקייט ווערט מען נאָך ניט געקרוינט פאַר אַ העלד. מ'דאַרף נאָך צו דעם באַזיצן „גייסטיקע גרויסקייט".

שטאַרקייט ווערט באַוווּנדערט; גענִיאַליטעט — פאַרגעטערט.

דער קלענסטער מעסער איז שטאַרקער פון גרעסטן העלד.

שטאַרקייט פאַרלאָזט זיך אויף זיך. שוואַכקייט — אויף דעם אַנדערן.

דער שטאַרקערער וואָרנט; דער שוואַכערער סטראַשעט.

מאַכט איז שווער צו דערווערבן. נאָך שווערער — זי ניט צו מיסברויכן.

מאַכט איז שטאַרקער פון רעכט פיזיש. רעכט איז שטאַרקער פון מאַכט מאָראַליש.

מאַכט הערשט מיט כוח. רעכט — מיט געזעץ.

דער שטאַרקערער איז גערעכט — ער דיקטירט דאָס רעכט.

ניט דער קרעפטיקער איז שטאַרקער, נאָר דער וואָס ווייסט בעסער ווי מיט זיין קראַפט זיך צו באַנוצן.

מענטשן וואָלטן זיין שטאַרק גענוג ווען זיי וואָלטן ניט אויסנוצן זייער קראַפט אויף שוואַכקייטן.

ווען אַלע פליגן וואָלטן געווען פאַראייניקט, וואָלט אַפילו דער אָדלער געציטערט פאַר זיי.

# שיין — שיינקייט

ס'איז ניט קיין קונסט צו באַווייזן, אַז דער זומער איז שיין, ס'איז אָבער אַ קונסט צו באַווייזן, אַז דער ווינטער איז שיין.

שיינקייט קען מען נאָך ווי איבערגעבן מיט ווערטער; חנקייט אָבער מוזן מיר שוין זען מיט די אויגן.

עס איז ניטאָ קיין פרייז פאַר שיינקייט און עס זיינען ניטאָ קיין ווערטער פאַר חן.

שיינקייט צוזאַמען מיט קלוגשאַפט איז ווי זיסע מוזיק מיט אַ שטאַרקן טעקסט.

שיינקייט איז צוּבערישער פון גאָלד, אָבער ניט שטאַרקער פון שכל.

צווישן אַלע קלוגע פּרויען האָט דעם בעסטן בייפאַל די שענסטע.

מען קען ניט האָבן קיין באַגריף פון שיינקייט ווען מען האָט ניט קיין באַגריף פון מיאוסקייט.

מאַנכע מענטשן זיינען אַזוי שיין, אַז ס'זעט זיך ניט אַרויס זייער קלוגשאַפט.

ווער עס זוכט אויסצונעמען מיט שיינקייט באַווייזט, אַז ער קען ניט אויסנעמען מיט קלוגשאַפט.

ריינקייט איז מער פאַר זיך. שיינקייט — מער פאַר דעם אַנ־דערן.

שיינע מענטשן זיינען מייסטנס נאַריש. אפשר דערפאַר מיינען נאַראָנים, אַז זיי זיינען שיין.

ניט אַלץ וואָס איז שיין האָט אויך חן, אָבער אַלץ וואָס האָט חן איז שיין.

חן איז די נשמה פון שיין.

נאַטור־שיינקייט קען מען מאַכן מיאוסער, אָבער ניט שענער.

עס איז לייכטער צו ווערן בעסער ווי שענער.

אַז מ'לויבט אַ כלה אַז זי איז אַ שיינע, איז אַ סימן, אַז זי איז ניט קיין קלוגע.

ווער עס ווייס ניט וואָס שיין איז, דער ווייס ניט וואָס מיאוס איז.

## שכרות

ביי שכורים איז בראַנפן די בעסטע מעדיצין פאַר אַלע קראַנקייטן.

אַ שכור קען זיך צעטאַנצן ביי אַ לוויה ווי ביי אַ חתונה.

שיכורים לאַכן פון די וואָס קענען ניט טרינקען קיין בראַנפן.

אַפילו וויין דאַרף מען פאַרזוכן איידער מען הייבט אים אָן צו טרינקען.

אַ שכור טאַנצט „לינקס" און „רעכטס" און איז אַ מחותן אויף אַלע חתונות, ווו ער קען נאָר קריגן אַ ביסל בראַנפן.

דער שכור איז ניט ווייניקער טראַגיש ווי דער משוגענער. זיי ביידע פילן ניט דאָס לעבן און ווייסן ניט אַז זיי לעבן.

עס איז מער צוטרוי צו האָבן צו אַ ליגנער ווי צו אַ שכור.

דער שכור ווייסט יאָ זיין צרה. איז אָבער מיט אים די צרה, וואָס ער קען זיך ניט באַפרייען פון זיין צרה.

„שטאַרקע" געטראַנקען מאַכן שוואַך „שוואַכע" געדאַנקען.

ווען אַ גוטער מענטש איז שכור, קען ער אָוועקגעבן דאָס לעצ־טע. ווען אַ שלעכטער מענטש איז שכור, קען ער צונעמען דאָס לעצטע.

אַ שכור האָט ניט קיין גאָט. און אויב ער האָט אים, ליגט ער אין זיין בראָנפן־פלעשל.

פאַראַן אַ שלעכטער שכור און אַ גוטער שכור. דער בעסטער שכור אָבער איז פאַר אַ פרוי דער ערגסטער מאַן.

אַז מ׳שיכורט זיך אָן, ווערט מען ניט אַן אַנדער מענטש, נאָר אויס מענטש.

סיי ביים שכור און סיי ביים נאַר דרייט זיך די צונג. ביי דעם ערשטן — פון שכרות און ביי דעם צווייטן — פון נאַרישקייט.

## שלאַנג

אין דעם בעסטן מאַן איז צו געפינען אַ טייל חיה, און אין דער בעסטער פרוי — אַ טייל שלאַנג.

ניט פאַר דער פרוי שרעקט זיך דער מאַן, נאָר פאַר איר צווייטן באַקאַנטן — דער שלאַנג.

מען קען זיין קלוג ווי די שלאַנג, דאָך קען מען אַמאָל אָפּטאָן אַזאַ נאַרישקייט אַז מען זאָל מוזן, ווי די שלאַנג, קריכן אויף אַלע פיר און קייען די ערד.

מיט דעם וואָס די פרוי האָט זיך באַקאַנט מיט דער שלאַנג האָט זי אונדז ניט נאָר דעם טויט געבראַכט, נאָר אויך אונדזער לעבן ביטער געמאַכט.

## שלאָף

איינער שלאָפט אַ סך פון געזונטקייט, אַ צווייטער — פון קראַנקייט און אַ דריטער — פון פוילקייט.

שטערן דעם אַנדערן פון שלאָף מיינט ניט ווייניקער ווי שטערן דעם אַנדערן צו לעבן.

שלאָף רוט אויס ניט נאָר די מידקייט פון קערפּער, נאָר אויך די מידקייט פון גייסט.

ווער עס שלאָפט געשמאַק, דער עסט מיט אַפּעטיט.

## שלום

ווער עס זוכט קריג, מיט דעם קען מען ניט ריידן פון פרידן.

צען פינגער מאַכן נאָך ניט קיין אמתן שלום, ווען ס׳זיינען דערביי ניטאָ צוויי ריינע הערצער.

ס׳איז לייכט צו דערקלערן קריג. ס׳איז אָבער שווער צו מאַכן שלום.

## שלום־בית

צוליב שלום־בית דאַרף דער מאַן מאַכן די פרוי גלויבן, אַז ער האַלט זי פאַר שיין, און די פרוי דעם מאַן, אַז ער איז קלוג.

צוליב שלום־בית דאַרפן מאַן און פרוי ניט אַלץ געדענקען און ניט אַלץ פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן, אַלס חתן־כלה, זיך צוגעזאָגט.

## שלימזל

מאַנכע זיינען אַזעלכע שלימזלס, אַז ווען זיי פאַלן אַפילו אַריין אין אַ שמאַלץ־גרוב, ברעכן זיי זיך אויס אַ פוס.

## שלעכט — שלעכטסקייט

ביסטו שלעכט, זיי כאַטש ניט נאַריש. ביסטו נאַריש, זיי כאַטש ניט שלעכט.

שלעכטסקייט לאָזט ניט זיין ערלעך. נאַרישקייט ווייסט ניט ווי צו זיין ערלעך.

מאַנכע מענטשן זײַנען אַזוי שלעכט, אַז זײ האָבן פײַנט אַפילו זיך אַלײן.

שײנע װערטער קלינגען; גוטע מעשים שײַנען.

אויב עס באַצאָלט זיך ניט צו זײַן גוט, באַצאָלט זיך געװיס ניט צו זײַן שלעכט.

ניט אַלעמאָל װען מען איז שלעכט, איז מען אומגערעכט.

װען שלעכטע מענטשן קומען זיך צוזאַמען, קען קײן גוטס ניט אַרויסקומען.

װען אַ שלעכטער מענטש טוט אַמאָל אַ טובה, האַלט ער עס אין אײן דערמאָנען.

דער גוטער לײַדט צוליב דעם שלעכטן. דער שלעכטער — צו־ליב זיך.

אַזוי װי עס איז שלעכט פֿון אַ גוטן מענטשן זיך צו שײדן, אַזוי איז גוט פֿון אַ שלעכטן מענטשן פּטור צו װערן.

מענטשן פֿאַרגעסן אָפּט אָפּצוטאָן אַ טובה, אָבער ניט קײן רעה.

אַ גוטער מענטש װיל ניט טאָן קײן שלעכטס. אַ קלוגער מענטש היט זיך צו טאָן שלעכטס.

אַ גוטן מענטשן פּלאָגט דאָס געװיסן װען ער טוט אַמאָל אַ רעה. אַ שלעכטן מענטשן פּלאָגט זײַן געװיסנלאָזיקײט, װען ער טוט אַמאָל אַ טובה.

כיטרעקײט איז די חכמה פֿון שלעכטסקײט.

װער עס פֿאַרשטײט ניט װאָס שלעכטס איז, דער װײסט ניט װאָס גוטס איז.

אַ שלעכט געװיסן װערט פֿון זיך אַלײן געביסן.
גוטסקײט װירקט צום גוטן, שלעכטסקײט — צום שלעכטן.
פֿאַר שלעכטסקײט צאָלט מען ניט מיט גוטסקײט.

## שמוץ

שמוץ קען נאָר באַשאָפֿן װערעם.

# שמייכל

אַ פריינדלעכער שמייכל געווינט מער ווי אַ קלוג וואָרט. אַ קלוג וואָרט געווינט נאָר דעם קלוגן, און אַ פריינדלעכער שמייכל — אויך דעם נאָר.

אַ מענטש וואָס קען ניט שמייכלען, ליבן, איז ווי אַ פלאַנץ וואָס קען ניט גרינען, בליען.

אַ זיסער שמייכל געווינט פריינד. אַ ביטערער שמייכל — פאַר־טרייבט פריינד.

כדי זיס צו שמייכלען, דאַרף מען דאָס מויל ניט באַשמירן מיט האָניק.

מיר קענען פאַרגעסן ווי די מוטער האָט אונדז געזויגן און גע־וויגט, מיר קענען אָבער ניט פאַרגעסן איר ליבלעכן שמייכל און איר גליקלעכן געלעכטער ווען זי האָט אונדז אין די אויגן אַריינגעקוקט.

ניט אַלעמאָל איז אַ זיסער שמייכל אויסן צו געווינען פריינד־שאַפט. אַמאָל איז ער אויסן צו פאַרדעקן פאַר דעם אַנדערן די פיינט־שאַפט.

די צונג באַהאַלט אָפט אונדזערע געדאַנקען. שמייכל — אונד־זערע געפילן.

דער ביטערער שמייכל איז מייסטנס פאַרבונדן מיט ערנסט־קייט. דער זיסער שמייכל — מיט פאַלשקייט.

אַ קוש רעדט מיט די ליפּן. אַ שמייכל — מיט די אויגן.

אויך צו געבן אַ שמייכל דאַרף מען האָבן שכל.

# שפּיגל

אַ שפּיגל קען אָפּשפּיגלען וואָס ער זעט, אָבער ניט זען וואָס ער שפּיגלט אָפּ.

אַ שפּיגל קען נאָר אָפּשפּיגלען דאָס געזיכט אָבער ניט די נשמה.

אַ שיינער שפּיגל איז נאָך ניט קיין גוטער שפּיגל. אַ שיינער משל איז נאָך ניט דער ריכטיקער משל.

## שפּראַך

קיין שפּראַך קען זיך ניט פאַרגלייכן מיט דער שפּראַך פון שווייגן.

די באַליבטסטע שפּראַך איז די וויגל־שפּראַך. די וויגל־שפּראַך איז די מוטער־שפּראַך.

ביי געפאַר ווערן פאַרשיידענע נאַטורן פאַראייניקט. ביי ליבע ווערן פאַרשיידענע שפּראַכן פאַרשטאַנען.

קיין שפּראַך איז ניט אַזוי רייך אין ווערטער אַרויסצוזאָגן, וויפל געדאַנקען זי קען אין זיך באַהאַלטן.

## שקלאַפעריי

שקלאַפן וואָס ווילן זיך ניט באַפרייען קען מען ניט באַפרייען.

אַ געבאָרענער שקלאַף איז פאַרשקלאַפט סיי פון גאָט און סיי פון טייוול.

## שקר

אַמשווערסטן איז צו קעמפן מיטן שקר, ווען ער באַנוצט זיך מיטן אמת פאַר זיינע פאַלשקייטן.

ווען אַ פאַלשער מענטש זאָגט דעם אמת, וויקלט ער אים איין אין שקר.

דער קאַמף קעגן שקר איז דער קאַמף פאַרן אמת.

איינער זוכט דעם אמת, ווייל ער איז אין אים פאַרליבט. אַ צווייטער — ווייל דער שקר האָט אים פאַרפירט.

ניט געווען וואָס דער שקר לאַכט זיך אויס פון אמת, טוט ער נאָך זיך פאַרשטעלן פאַר דעם אמת און טוט אָפּ אין זיין נאָמען דאָס שענדלעכסטע.

אָפּדינגען קען מען נאָר פונעם שקר, אָבער ניט פונעם אמת.

ווער ס׳קושט דעם שקר, דער בייסט דעם אמת.

פונקט אַזוי ווי מען מוז היטן דעם אמת, מוז מען זיך היטן פונעם שקר.

מ׳קען ניט בויען גליק אויף אומגליק און מ׳קען ניט פלאַנצן אמת אויף שקר.

דער שקר איז שוין אַזוי געוווינט זיך צו פאַרשטעלן פאַר דעם אמת, אַז ער אַליין גלויבט אָפט אַז ער איז דער אמת.

דער אמת מאַכט ניט קיין פשרות אַפילו מיט גאָט. דער שקר פּשרהט אַפילו מיטן טייוול.

דער אמת איז אַ שונא פון דעם שקר ניט דערפאַר וואָס דער שקר איז אים אַ שונא, נאָר דערפאַר וואָס ער איז אומגערעכט.

ווער ס׳איז פאַר דעם אמת, דער מוז קעמפן קעגן שקר.

„דער שקר האָט קורצע פיס״ — זאָגט די וועלט, דערפאַר אָבער האָט ער אַ לאַנגע צונג.

דעם אמת וואָלט ניט געווען אַזוי שווער דעם שקר צו באַזיגן, ווען ער וואָלט ניט געדאַרפט דורכגיין די טעריטאָריע פונעם שקר.

מ׳דאַרף האָבן אַ גוטע שמיעה דעם אמת צו דערהערן און מ׳דאַרף האָבן אַ גוטע ראיה דעם שקר צו דערזען.

דער ערגסטער שקר איז דער, וואָס טראָגט די מאַסקע פון אמת.

אַז דער שקר דאַרף זיך פאַרשטעלן, אַרט אים ניט צי ער פאַרשטעלט זיך פאַר א מלאך אָדער פאַר אַ גלח.

## שרייבער

ס׳איז נאַריש פון אַ שרייבער צו לויבן זיינע ווערק ווען זיינע ווערק לויבן אים ניט.

יעדער קען האַלטן אין האַנט אַ שרייבפעדער, אָבער ניט יעדער קען שרייבן מיט איר.

מיט דער שווערד קען מען קעמפן נאָר פון דער נאָענט. מיט דער פעדער — אויך פון דער ווייטן.

פאַר אַ שרייבער איז ניט גענוג צו קענען באַאָבאַכטן דאָס לעבן, ער מוז נאָך קענען אַריינדרינגען אין די פאַלדן, אין די קנייטשן פון לעבן.

אַז מען קען ניט שרייבן, איז די פעדער גאָרניט שולדיק.

איינער שרייבט מיט טינט און פעדער. אַ צווייטער — מיט האָרץ און מיט בלוט.

אַ שרייבער וואָס גיט זיך צופיל אָפּ מיט דער פאָרם, גיט זיך ווייניק אָפּ מיט דעם אינהאַלט.

אַמאָל פאַרשטייט דער שרייבער שלעכט די וועלט און אַמאָל פאַרשטייט די וועלט שלעכט דעם שרייבער.

די נשמה פון אַ שרייבער ווערט ערשט געבאָרן ווען ער הייבט זיך אָן דרוקן.

מען קען ניט שרייבן קלוג אָן פאַרשטאַנד, באַלערנט — אָן וויסנשאַפט, פּראַקטיש — אָן דערפאַרונג און קינסטלעריש — אָן געפיל.

דער שרייבער וואָס קיינער קען אים ניט פאַרשטיין, פאַרשטייט זיך אַליין ניט.

אַ קלוגער שרייבער שרייבט מיט קאָפּ, אַ גוטער שרייבער — מיט האַרץ און אַ טאַלאַנטפולער שרייבער — מיטביידע צוזאַמען.

דער שרייבער וואָס פאַרשטייט דאָס פאָלק ווערט פאַרשטאַנען פון דעם פאָלק.

מען קען שרייבן גוט אַפילו ווען מען איז שלעכט. מען קען אָבער ניט שרייבן קלוג ווען מען איז נאַריש.

אַ שרייבער קען פאַרעפנטלעכן צענדליקער ביכער און דאָך בלייבן אַליין פאַר דער וועלט אַ פאַרמאַכט בוך.

אויך אין גראַדע ליניעס קען מען שרייבן קרומע געדאַנקען.

## שונא

אַ נאַרישער פריינד איז ערגער ווי אַ קלוגער שונא; אַ נאַרישער אמת — ווי אַ קלוגער ליגן.

דער מענטש וואָס האָט ניט קיין שונא איז אַ בהמה; דער וואָס האָט צופיל שונאים — אַ חיה.

דער בעסטער זיג איבער אַ פיינט איז אים צו מאַכן פאַר אַ פריינד.

אַז מען האַלט אַ פריינד פאַר אַ שונא, ווערט ער אַ שונא.

ווען אַ שונא טוט דיר אַ טובה, עפן די אויגן: וואָס מיינט ער מיט דעם?

פיל מאָל האָבן מיר מער צו פאַרדאַנקען אונדזערע שונאים, ווי צו דאַנקען אונדזערע פריינד.

## שכל

גבורה איז פיזישע שטאַרקייט. שכל — גייסטיקע שטאַרקייט.

מען דאַרף האָבן מער שכל צו האַנדלען מיט אַ נאַר ווי מיט אַ קלוגן.

אַ מענטש קען פאַרמאָגן אַלץ. פעלט אים שכל, פעלט אים אַלץ.

אַ קורצער שכל טראַכט ווייניק און רעדט אַ סך.

שכל מוז מען האָבן אַפילו אָפּצוטאָן אַ נאַרישקייט, אויב ניט טוט מען אָפּ אַ משוגעת.

מענטשן ווייסן ווען עס פעלט זיי געזונט, אָבער ניט ווען עס פעלט זיי שכל.

גראָד די, וועמען עס פעלט שכל גלויבן, אַז זיי האָבן שכל.

אַ קורצער שכל גייט אָפּט צוזאַמען מיט אַ לאַנגער צונג.

אָן שכל איז קראַפט ווילד. אָן יושר איז מאַכט דעספּאָטיש.

צו גוטע געדאַנקען דאַרף מען נאָך האָבן אַ קלוגן שכל. צו אַ קלוגן שכל — אַ גוט הארץ.

אַ קלוגער פאַלט אויפן שכל. אַ נאַר — אויף נאַרישקייט.

נויט, שכל און צופאַל זיינען די שפּער פון דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור.

אויך דער נאַר האָט אַ ביסל שכל, נאָר ער ווערט דערטרונקען אין זיינע נאַרישקייטן.

שכל מוז מען האָבן ביי אַלץ, אַפילו ווי אויסצונוצן שכל.

אויב צייט איז געלט, איז שכל — געזונט.

אַז מ׳האָט ניט קיין שכל, העלפט ניט קיין מזל. אַז מ׳האָט ניט קיין מזל — העלפט ניט קיין שכל.

ווו ס׳קאָסט דעם קלוגן אַ ביסל שכל, קאָסט דעם נאַר געזונט און לעבן.

אַ קורצער זכרון מוז לאַנג חזרן; אַ קורצער שכל מוז לאַנג טראַכטן.

ס'איז שווערער איבערצורײדן דאָס האַרץ ווי דעם שכל, דאָך איז לײכטער אָפּצונאַרן דאָס האַרץ ווי דעם שכל.

ווען די בהמה וואָלט געהאַט שכל צו זײן מיט זיך אומצופרידן, וואָלט דאָס וואָרט „בהמה" קײן זידלוואָרט ניט געווען.

שכל טראָגט אַ באַלקן לײכט ווי אַ פעדער. נאַרישקײט טראָגט אַ פעדער אַזוי שווער ווי אַ באַלקן.

אַ נאַר האָט ניט קײן מזל. ווען ער וואָלט געהאַט מזל וואָלט ער געהאַט שכל.

ווו דעם חכם קאָסט אַ ביסל שכל, באַצאָלט אָפּט דער נאַר מיטן לעבן.

שכל איז נאָך ניט אַלץ. מ'דאַרף נאָך קענען זיך באַהערשן.

ווען עס פעלט אין קאָפּ שכל, דער מאַכט זײן פויסט פאַר אַ חכם.

אַז מען זוכט מיט שכל, געפינען די הענט.

ווו עס שפּילן געפילן, דאָ קען שכל ניט טאַנצן.

ווען דער מענטש וואָלט ניט געהאַט קײן שכל, וואָלט ער געווען די הילפסלאָזסטע באַשעפעניש אין דער וועלט.

אויגן קוקן; שכל — זעט.

שווער איז דער קאַמף ווען גאָלד קעמפט קעגן שכל. נאָך ערגער איז דער פרידן ווען גאָלד פאַראײניקט זיך מיט דומהײט.

דער אומגליקלעכסטער איז דער וועמען עס פעלט שכל. דאָך גלויבט די קלוגע וועלט, אַז דער נאַר איז גליקלעך.

מיט דעם שכל זעען מיר און דורך די אויגן קוקן מיר.

זען זעט נאָר דער שכל. די אויגן זײנען בלויז די שויבן.

בײם חכם בײט זיך דאָס האַרץ נאָך דעם שכל. בײם נאַר — דער שכל נאָך דעם האַרץ.

ווער עס באַרימט זיך מיט גבורה באַווײזט, אַז ער קען זיך ניט באַרימען מיט שכל.

שכל קען מען ניט קויפן. דעריבער קען מען אים ניט באָרגן און פאַרלייען.

פיל האָבן אַ טעות: ווען עס פעלט זיי שכל גלויבן זיי, אַז עס פעלט זיי מזל. און אפשר זיינען זיי גערעכט. ווען זיי וואָלטן געהאַט מזל וואָלטן זיי געהאַט אויך שכל.

אַז מען האָט ניט קיין שכל העלפט ניט קיין מזל.

מ׳קען ניט לעבן לויט דעם בוך און מ׳קען ניט לעבן מיט יע־נעמס שכל.

שכל ליגט אין קאָפּ, אָבער ניט אין די הענט און פיס.

דער נאַר האָט גענוג שכל צו בעטן גאָט אַלץ אין דער וועלט — אויסער שכל.

אָן בילדונג איז מען ווי אָן אַ האַנט. אָן שכל — ווי אָן אַ קאָפּ.

גאַנץ אָפט עסן מיר זיך דאָס האַרץ, ווייל אונדז פעלט שכל.

די וועלט ליידט מער פון די וואָס ס׳פעלט זיי שכל, ווי פון די וואָס ס׳פעלט זיי גוטסקייט.

שכל אָן געפיל איז ווי פּראָזע אָן פּאָעזיע.

פאַרשטאַנד זעט מיט שכל. געפיל — מיט אינסטינקט.

נאַרישקייט קאָסט געזונט. שכל שפּאָרט געזונט.

שכל גיט מער כבוד ווי כבוד — שכל.

עס איז נאַריש צו ווערן אויפגערעגט וואָס דער נאַר האָט ניט קיין שכל. נאָך נאַרישער איז צו פאָדערן פון אים ער זאָל ווערן קליגער.

דער ערגסטער בלינדער איז דער וואָס איז בלינד אויפן שכל.

ווי עס זעט אויס איז יעדער מענטש ביי זיך זיכער, אַז שכל האָט ער גענוג, ווען ניט וואָלטן מענטשן געבעטן גאָט שכל, ווי זיי בעטן אים געזונט.

אמת, מ׳קען פאַר געלט קיין שכל ניט קויפן. מ׳קען אָבער פאַר געלט קויפן דעם וואָס האָט שכל.

אַזוי ווי מ׳קען ניט גיין מיט יענעמס פיס, אַזוי קען מען ניט לעבן מיט יענעמס שכל.

אַז דער קאָפּ איז פּוסט פון שכל איז דאָס מויל פול מיט צונג.

שכל איז נאָר גוט צו האָבן ביים לעבן. ביים שטאַרבן איז שוין בעסער אַז מען פאַרלירט דעם שכל.

ווילן הערשט איבער דעם נאַר; שכל — איבער דעם חכם.

שכל פירט, נאַרישקייט פאַרפירט.

ניט יעדער וואָס האָט שכל פאַר דעם אנדערן, האָט אויך שכל פאַר זיך.

בויט איז אָפט קליגער פון שכל, דאָך איז בעסער צו האָבן שכל.

צו אַ גוטער מאַשין מוז מען נאָך האָבן אַ גוטן מאַשיניסט. צו גוטע פעיקייטן מוז מען נאָך האָבן שכל.

פאַראַנטוואָרטלעכקייט קען מען נאָר פאָדערן פון שכל, אָבער ניט פון געפיל.

דערפאַרונג לערנט אונדז אָפט מער ווי שכל. אָן שכל אָבער קענען מיר פון דערפאַרונג גאָר ניט לערנען.

דריי קרומע איז שווער אויסצוגלייכן: אַ קרומען בוים, אַ קרו־מען רוקן און אַ קרומען שכל.

שכל קען די וועלט באַזיגן. אַ גוט האַרץ אָבער קען די וועלט געווינען.

ווען שכל גייט מיט דערפאַרונג, ווערן זיי באַגלייט מיט דער־פאָלג.

אויגן זעען ווי דער שכל פאַרשטייט.

ס׳איז לייכטער צו העלפן אַזעלכן וואָס האָט ניט קיין געזונט ווי דעם וואָס האָט ניט קיין שכל.

צופיל טויג ניט, אַפילו — שכל.

שכל אָן דערפאַרונג איז קורצזיכטיק.

לעבן מיט יענעמס שכל איז ווי גיין מיט יענעמס פיס.

גאָלד קען אַראָפּוועגן שיינקייט, אָבער ניט שכל.

אַפילו ווו מ׳דאַרף ניט האָבן קיין שכל איז אויך בעסער צו האָבן שכל.

שכל זעט ווייטער און העכער. געפיל פליט נענטער און טיפער.

מ׳קען ניט ווערן קליגער מיט יענעמס שכל און ניט גרעסער מיט יענעמס גרויסקייט.

וואָס טויג דערפאַרונג אַז מ'האָט ניט קיין שכל? וואָס טויג שכל אַז מען לעבט ניט נאָכן שכל?

## שנאה

פיינטשאַפט קען נאָר באַזיגט ווערן מיט פריינדשאַפט; שלעכטס־קייט — מיט גוטסקייט.

שלעכטסקייט געווינט פיינטשאַפט. נאַרישקייט האַלט אָן די פיינטשאַפט.

איינער קימערט זיך וועגן דעם אַנדערן צוליב פריינדשאַפט. אַ צווייטער — צוליב פיינטשאַפט.

ס'וואָלטן ניט אַרויסגעקומען צווישן מענטשן אַזוי פיל טרויערי־קע קאָנפליקטן, ווען קנאה און שנאה וואָלטן צו דעם ניט געהאָט אונטערגעהעצט.

קנאה איז בלינד; שנאה — טויב.

קנאה טוט נאָך אַמאָל אויף גוטס; שנאה אָבער זוכט אַלעמאָל שלעכטס צו טאָן.

ליבע און האָס ווייסן ניט פון קיין חשבון און מאָס.

עס איז לייכטער הונדערט מענטשן צו האָסן ווי איינעם באמת ליב צו האָבן.

ליבע און האָס גייען צוזאַמען, סיי אין שטוב און סיי אין גאָס.

# ת.

## תורה

די תורה איז ניט שולדיק וואָס מאַנכע האַנדלען מיט איר ווי מיט סחורה.

תורה איז דאָן די בעסטע סחורה, ווען מ'האַנדלט ניט מיט איר ווי מיט סחורה.

„תורה איז די בעסטע סחורה" — פאַרגלייכט אַ יידיש שפּריכ־וואָרט. אָבער די בעסטע סחורה קען ניט פאַרגליכן ווערן צו תורה.

ניט יעדער וואָס פרייט זיך מיט דער תורה לערנט און פאַר־שטייט די תורה.

ניט יעדער וואָס לערנט די תורה האַלט זי פאַר די בעסטע סחורה.

„אם אין קמח אין תורה". אויף אונדזער מאַמע־לשון מיינט עס: אַז עס איז ניטאָ קיין טאָפּ, איז ניטאָ קיין קאָפּ.

## תפילות

תפילות לאַכן ניט און מזמורים וויינען ניט.

# ניט־קוואַליפיצירטע אַפאָריזמען

אַ מיידל איז מער צופרידן אַרומצוגיין מיט אַ חברטע וואָס איז מיאוסער פון איר, ווי מיט אַזעלכער וואָס איז שענער פון איר.

מ׳קען זיין אַ שיינער מאָלער און דערביי זיין אַ מיאוסער מענטש.

וואָס שייך דער ציוויליזאַציע האָבן מיר אַריבערגעשטיגן אַפילו אונדזערע חלומות. וואָס שייך דער באַציונג פון מענטש צו מענטש, שטייען מיר נאָך אויף דעם אָרט פון אור־אַלטע צייטן.

פאַר דעם וואָס מענטשן ווערן באַשולדיקט אַלס זינדיקע, ווערן בהמות באַפרייט אַלס אומשולדיקע.

אַ משל ווערט געבראַכט אַלס גראָדער שפיגל; אַן אַנעקדאָט ווערט דערציילט אַלס קרומער שפיגל.

אויף אַנעקדאָטן האָט מען קיין פּאַראַיבל ניט.

יעדער האָט דאָס רעכט אַ גנב צו כאַפּן, אָבער ניט צו משפּטן.

מיט געבונדענע הענט קען מען זיך ניט באַשיצן.

וואָס פאַר איינעם קען זיין אַ רפואה, קען פאַר אַ צווייטן זיין סם.

דער מזל איז אַזוי גוט צום נאַר ווי צום חכם. דער נאַר אָבער איז ניט אַזוי גוט צום מזל ווי דער חכם.

דער פּרייז קען אונדז נאָר זאָגן וויפל דער אַרטיקל קאָסט, אָבער ניט וויפל ער איז ווערט.

אייגנשאַפטן גייען איבער מער אָדער ווייניקער בירושה, אָבער זייער אַנטוויקלונג גייט אַן לויט די אומשטאַנדן פון לעבן און לויט די איינפלוסן פון דער סביבה.

דאָס לעבן, אַזוי ווי די צייט, ווערט אויף קיין מינוט ניט איבער־געריסן. דער פּראָצעס פון געבורט און טויט, פון יונג און אַלט, איז אַן אומאויפהערלעכער, אַן אייביקער.

אמת, „אייגן בלוט איז ניט קיין וואַסער". מ׳דאַרף אָבער וויסן אויך דעם אמת, אַז אויך יענעמס בלוט איז ניט קיין וואַסער.

וואָס עס צינדט זיך באַלד אָן, דאָס ברענט באַלד איבער.

אַ ווערט האָט נאָר דאָס וואָס מען האָט נייטיק, און טייער איז נאָר דאָס וואָס מען קען ניט קריגן פאַר געלט.

בעסער צו האָבן מזל צו שלימזל, ווי שלימזל צו מזל.

איין גליקלעכער צופאַל קען אַמאָל מער אויפטאָן פאַר אונדזער שיקזאַל, ווי צענדליקע יאָרן פון מי און אַרבעט.

אינסטינקט קלערט ניט און פאַרלירט זיך ניט ביים נייטיקן מאָמענט פון געפאַר.

אינסטינקט דרימלט ווען באַוווסטזיין וואַכט, און וואַכט — ווען באַוווסטזיין דרימלט.

דער „שלימזל" איז שלימזלדיק אַפילו ביי מזל. ווען ער געפינט שוין אַמאָל אַ בייטל מיט געלט באַהאַלט ער עס אין אַ צעריסענער קעשענע.

ניט יעדן וועמען עס איז צו געטרויען אַ פאַר סענט איז אויך צו געטרויען אַ פאַר דאָלער.

ווען די פיס וואָלטן געקענט לויפן אַזוי שנעל ווי די געדאַנקען, וואָלטן זיי ניט איינמאָל דעם קאָפּ צעבראָכן.

ווער עס פילט ניט די מענטשלעכע ליידן, דער פילט ניט די מענטשלעכע פריידן.

ווער עס איז ניט צוגעוווינט צו פרישער לופט, דער קען זיך פאַרקילן פון פרישער לופט.

אַ שבתדיקע קאַפּאָטע קען ווערן אַ וואָכעדיקע, אָבער אַ וואָכע־דיקע קאַפּאָטע קען ניט ווערן אַ שבתדיקע.

אַ פּלוט איז אַזעלכער וואָס קען זיין „איך" ניט איינהאַלטן ביי זיך.

פאַלש גליק, ווי פאַלשע דימענטן, שימערן און גלאַנצן, דאָך האָבן זיי ניט קיין ווערט.

אינסטינקט און דערפאַרונג איז דאָס גאַנצע וויסן פון דער בהמה און חיה.

אַז מ'איז פיזיש אויסגעמאַטערט איז מען גייסטיק מיד.

אינטואיציע איז די גייסטיקע קראַפט פון אינסטינקט; אינספּי־ראַציע — פון געפיל.

ס׳איז קיין וווּנדער ניט וואָס דער פּסוק האָט באַשאַנקען שלמה המלכן מיט דעם טיטל: „ויחכם מכל אדם״. ווער האָט נאָך אַזוי ווי ער אַרויסגעקראָגן דעם אמת — פון דער פרוי.

בלומען נייטיקן זיך אין וואַרעמקייט, ווערטער — אין האַרצי־קייט און פריינדשאַפט — אין געטריישאַפט.

דער הימל בוקט זיך ניט צו דער ערד.

אַז מ׳קען ניט באַזיגן, מוז מען קענען זיך אונטערגעבן.

וואָס מיר לעבן דורך, דאָס לאָזט זיך אין גאַנצן ניט פאַרגעסן.

אַז די קעכין איז אַ שלעכטע, איז דער סאַרווער גאָרניט שולדיק.

אַ גוטע קעכין איז בעסער פון דער בעסטער ווירטין.

ניט דער וואָס שטרעבט נאָך פּוץ און גלאַנץ ווערט פון דער וועלט באַערט מיט אַ לאָרבער־קראַנץ.

אויב מען קען דערקענען אַ מענטשן נאָך די קליידער, איז אים צו דערקענען ווי אַזוי ער טראָגט זיי.

אַ שוחט קען ניט זיין קיין וועגעטאַריער.

ווען מען מוז זיך כשרן — איז מען טריף. ווען מען מוז זיך פאַרענטפערן — איז מען שולדיק.

וואָס ס׳איז אַ שאַנדע אויסצוזאָגן, דאָס איז אַ ווייטיק צו באַ־האַלטן.

עלנטקייט בענקט; איינזאַמקייט דענקט.

יעדער מענטש חלומט אין לעבן. מאַנכע מענטשן אָבער חלומען אָפּ דאָס גאַנצע לעבן.

„אַ לעבעדיקער דאַרף עסן״ — זאָגט די וועלט. אָבער ווער זאָגט אונדז, אַז איינער מוז עסן דעם אַנדערן?

אמת, „דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון בוימעלע״. עס קען אָבער זיך אַוועקקייקלען ווייט פון בוימעלע.

אַריין און אַרויס הייסט ניט קיין וויזיט, אַ שמעק און אַ לעק הייסט ניט קיין מאָלצייט.

דער מענטשלעכער אינסטינקט רוט ניט: איז דער מענטש וואך, אַרבעט ער צוזאַמען מיט זיין באַוווסטזיין; שלאָפט דער מענטש, אַר־בעט ער צוזאַמען מיט זיין אונטערבאַוווסטזיין.

דער חצוף שעמט זיך פאַר קיינעם ניט. דער באַשיידענער האָט בושה אַפילו פאַר זיך אַליין.

ווייניק שלאָף און רו רויבט מער געזונט און כוחות, ווי ווייניק עסן און טרינקען.

קיינער שטאַרבט ניט, כדי דער קברן זאָל קענען מאַכן אַ לעבן.

אַז מ׳האָט מזל קען מען אַפילו פון תכריכים מאַכן אַ שיינעם לעבן.

אומפאַרדינטער כבוד גיט דעם ערלעכן צו פילן ווי מ׳וואָלט אים געגעבן אַ נדבה.

שלעכט צו שפילן מיטן מזל אויף אַ קרעכצנדיקער פידל.

אַ קלאָרע שפּראַך מאַכט לייכט צו פאַרשטיין די שווערסטע געדאַנקען.

אַ געזונטער קאָפּ קען אַמאָל דערזאָגן אַ גוטן קאָפּ. אַ גוטער קאָפּ קען אַלעמאָל דערזאָגן אַ געזונטן קאָפּ.

אַמאָל איז דער אָנדענק פון אַ געשטאָרבענעם אונדז ליבער ווי ער איז אונדז געווען ביים לעבן.

אַז מען לייגט ניט אָפּ אויף שפּעטער, האָט מען ניט קיין חרטה שפּעטער.

אויך פון אַ „שמייכל״ איז צו דערקענען דעם „שכל״.

אויף וויפל דער מענטש פאַרגינט ניט דעם אַנדערן, אויף אַזוי פיל ליידט ער — אומזיסט.

אַ גרוש איז אַ שלעכטער פּרוש, אַ גרושה איז אַ שלעכטע ירושה.

דער טויט איז אַן ענטפער אויף אַלע אומפאַרענטפערטע לעבנספראַגן.

עס איז שווערער און עס נעמט מער צייט איבערצובויען אַן אַלט הויז, ווי אויפצובויען אַ נייס.

אַז איין ראָד פון אַ וואָגן ווערט צעבראָכן איז שוין צרות מיטן גאַנצן וואָגן.

קיינער איז ניט אַזוי איינזאַם און עלנט ווי דער, וואָס קען מיט זיך ניט פאַרברענגען.

אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ מענטשן איז ווי אַ פאָדערבלאַט פון אַ בוך, וואָס זאָגט נאָר אָן דעם נאָמען פון בוך, אָבער ניט דעם אינ־האַלט.

אַז מען האָט אַ פערד און וואָגן איז שוין אַ בייטש ניט שווער צו קריגן.

פאַרזעט מען אַ געלעגנהייט, בלייבט מען אין פאַרלעגנהייט.

די נאַטור־וויסנשאַפט איז פאַראינטערעסירט צו געפינען דעם סוד פון לעבן. די פילאָזאָפישע וויסנשאַפט איז פאַרטיפט צו גע־פינען דעם זין פון לעבן.

דער מענטש איז צו באַוווּנדערן אַלס חיה, אָבער ניט אַלס מענטש.

בעסער אַ ספּעציאַליסט אויף איין געביט, ווי מיטלמעסיקייט אויף צען געביטן.

ציפערן זאָגן דעם פרייז פון דער זאַך, נוצלעכקייט — דעם ווערט.

צווישן נאָך קלענערע פון זיך איז אויך אַ קאַרליק גרויס.

די בעסטע האַנטשריפט האָט די שרייבמאַשין.

מיט אַ נאָדל קען מען נייען און מיט אַ נאָדל קען מען שטעכן.

חתן־כלה זאָגן ניט ווי די מחותנים זאָלן זיך משמח זיין.

פאַרלירן דעם צוטרוי צו דער וועלט איז ניט אַזוי שלעכט ווי פאַרלירן דעם צוטרוי צו זיך.

ווען אַ מכשפה בענטש מיטן מויל שילט זי מיטן האַרצן.

מצבות זאָגן נאָר דאָס וואָס מען האָט אויף זיי אָנגעשריבן, אָבער ניט דאָס וואָס מ'האָט געדאַרפט אויף זיי אָנשרייבן.

דער דאַך קומט פריער פאַרן דיל, אָבער ניט פריער פאַרן פונ־דאַמענט.

אַז מ׳האַלט שוין אין שפּריגנען, איז ניט שווער צו געבן נאָך אַ שפּרונג.

אייגענע הענט, ווען אַפילו זיי זיינען ניט ריינער, זיינען זיי אָבער געטרייער.

איך וואָלט מיך אויך געהאַט געפרייט וואָס אַזאַ רשע ווי פּרעה איז דערטרונקען געוואָרן אין ים, ווען די פּרעהלעך וואָלטן ניט לעבן בלייבן.

„מוז" פרעגט ניט אויב מען „וויל"? „מוז" מוז אָבער פרעגן אויב מען „קען"?

„אַלץ איז גוט מיט אַ מאָס" — איז די מיינונג פון דער וועלט. ס׳איז אָבער שווער צו וויסן די מאָס.

שווער איז נאָר דער „ווערן", אָבער ניט דער „זיין".

כל־זמן מען קען נאָך דערקענען די אייגענע טריט צוריקצו־גיין, הייסט נאָך ניט פאַרבלאָנדזשעט.

ווער עס פאַרלאַנגט אַז מען זאָל זיך פאַר אים בוקן, דער איז ניט ווערט אַז מען זאָל אויף אים קוקן.

ווער עס קען פאָלגן, דער קען באַפעלן. ווער עס קען ניט באַ־פעלן, דער מוז פאָלגן.

די גרעסטע שטריק קען ניט קעמפן קעגן דעם דינעם שאַרף פון אַ מעסער.

ניט אַלעמאָל איז אַ סוד זיכער ניט צו ווערן אַנטדעקט, ווען אַפילו ער ליגט שוין אין קבר.

ווער ס׳קען ניט טראָגן אייגענע לאַסטן, דער זאָל זיך ניט אונ־טערנעמען צו טראָגן פרעמדע לאַסטן.

ווער ס׳לאָזט זיך שלאָגן מיטן שטעקן, דער איז שוין ממילא ווערט דעם שטעקן.

אויב שוין יאָ זיך בוקן, איז בכבודיקער זיך צו בוקן צום שטאַרקן לייב ווי צו דער שוואַכער ציג.

עס איז לייכטער דאָס זוכן ווען מען ווייסט „וואָס" צו זוכן און עס איז לייכטער צו געפינען ווען מען ווייסט „ווו" צו זוכן.

בעסער אַ קלענער שטיקל ברויט, נאָר ניט קיין שמוציקס.

די פראַגע: „וואָס?״ איז פריער פאַר „ווי״ און „ווען?״

וו מען דאַרף האָבן זאָלץ טויג ניט קיין שמאַלץ. וו מען דאַרף האָבן וואַסער טויג ניט קיין ווײַן.

אַז דו זיצט מיט אײנעם צוזאַמען בײַ אײן טיש, מײנט נאָך ניט, אַז דו קענסט זיך דערלויבן מיט אים צו עסן פון אײן טעלער.

קנעטן לאָזט זיך טײג אָבער ניט אײַזן. וו אײַזן ווערט צע־שמאָלצן, דאָרט ווערט טײג — פאַרברענט.

וואָס ווײַטער מיר זײַנען פון דער הײם, אַלץ נעענטער איז אונדזער בענקשאַפט צו איר.

ווער עס זײַט שטײנער, דער קען ניט דערוואַרטן קיין ברויט.

מיר ווערן אויפמערקזאַם אויף דער זון ערשט דעמאָלט ווען זי הײבט אָן אונטערצוגײן.

האָניק נײטיקט זיך ניט אין צוקער און כרײן — אין פעפער.

אַ צעריסענע קעשענע נײטיקט זיך ניט אין גנבים.

דער שפּיגל לאָזט זיך אָנקוקן אַלעמען גלײַך, אָבער ניט אַלע זעען זיך אין אים גלײַך.

וואָס טויג זיך אײַנקויפן מפטיר, אַז מ׳קען ניט לײענען קײן מפטיר?

אַ מענטש אָן פּרינציפּן איז ווי אַ פאַס אָן רײפן.

אַ ריכטער מוז זײַן ניכטער.

ווען מען ציט אויף סטרונעס אויף אַ ברעטל ווערט עס מיט דעם נאָך ניט קיין פידל.

מאַנכע יאָדרעס האָבן ווײניקער ווערט ווי זײער שאָלעכץ.

אַ לעגענדע איז אָן אַלטע מעשה מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, וואָס האָט זעלטן אַ שוואַרצן האָר אמת.

מיר ווײכן פון קראַפּיווע, ניט דערפאַר וואָס עס וואַקסן אויף איר ניט קיין פּרוכטן, נאָר דערפאַר וואָס זי שטעכט.

אַ גוט געבויטע סוכה פון ברעטער איז שטאַרקער ווי אַ שלעכט געבויט הויז פון שטאָל און אײַזן.

אַלץ וואָס האָט אין זיך די קראַפט פון עקזיסטענץ האָט אין זיך אויך די שוואַכקײט פון פאַרניכטונג.

איינמאָל איז ניט קיינמאָל, אָבער אויך ניט אַלע מאָל.

ווער עס פאַרשטייט ניט דאָס אַלטע, דער קען קיין נייעס ניט שאַפן.

ניט אַלע פּרוכטן פאַלן ווייל זיי זיינען צייטיק. מאַנכע — ווייל זיי זיינען ווערעמדיק.

בעסער צו ווייניק איידער צו פיל. בעסער צו פרי איידער צו שפּעט.

הספּדים קריטיקירן ניט און מצבות שטראָפן ניט.

ווו מען דאַרף גיין אַן אַ זייט, דאַרט טויג ניט צו גיין אין דער מיט.

אַ נול אַליין איז נאָר אַ פּוסט רינגעלע.

ניט יעדער וואָס קען פרעגן אַ גוטע קשיא קען אויך ענטפערן אַ גוטן תּירוץ.

דער דאַך באַשיצט דאָס גאַנצע הויז און אַליין איז ער אומבאַשיצט.

אין הונגער־יאָרן וואַקסט דער אַפּעטיט אַן דאָקטוירים און אַן מעדיצין.

אויף פאַרפוילטעביימער וואַקסן ניט קיין פרוכטן.

# אַפאָריסטישע קאָמענטאַרן אויף אַפאָריזמען פון תנ״ך, תלמוד און אַנדערע מקורים

„גם חמור טעון זהב חרולים יאכל״ (אַן אייזל, אַפילו ער איז אָנגעלאָדן מיט גאָלד, עסט ער אויך דערנער) — זאָגט אַן אַלט העברעיש שפּריכוואָרט.

דאָס זעלבע איז מיט דעם נאַר. ער קען אַפילו אַ וועלט מיט וויסן און דערפאַרונג האָבן, איז ער אַלץ אַ נאַר און בלייבט אַ נאַר.

*

יהללך זר ולא פיך״ (לויבן זאָל דיך אַ פרעמדער און ניט דיין מויל) — זאָגט שלמה המלך.

דעריבער איז קיין עוולה ניט וואָס דער נאַר לויבט זיך אַליין.

*

„חכם בעינו איש עשיר״ (אַ רייכער מענטש איז אין זיינע אויגן אַ חכם) — זאָגט שלמה המלך.

וואָס דער רייכער האַלט זיך פאַר אַ חכם דאַרף אונדז ניט אַרן. ס׳איז נאַר פאַרדריסלעך וואָס ער האַלט זיך אויך פאַר גערעכט.

*

„אין מביאין ראיה מן השוטים״ (פון נאַראָנים ברענגט מען ניט קיין באַווייז) — זאָגט דער תלמוד.

דערפאַר אָבער איז פון נאַראָנים צו ברענגען דעם בעסטן ביי־שפּיל.

*

„החכם עיניו בראשו״ (דער קלוגער האָט זיינע אויגן אין זיין קאָפּ) — זאָגט שלמה המלך.

דעריבער אפשר פאַלט אָפּט דער קלוגער גלייך ווי דער נאַר, ווייל ער האָט ניט ווי דער נאַר קיין אויגן אין די פיס.

*

„החכם עיניו בראשו״ (ביים חכם זיינען די אויגן אין קאָפּ) — זאָגט שלמה המלך.

טאָ פאַרוואָס־זשע זאָגט ער אָן: „שמר רגלך באשר תלך" (היט דיינע פיל ווען דו גייסט) דעם חכם צוגלייך, ווי דעם נאַר?

ווייל אין די פיס האָט אויך ניט דער חכם קיין אויגן, צוגלייך ווי דער נאַר.

*

„הכל תלוי במזל" — אַלץ הענגט אָפּ אָן מזל, זאָגט דער תלמוד.

דעריבער איז קיין וונדער ניט וואָס יעדער באַקלאָגט זיך אויפן שווערן מזל.

*

„עבדא בהפקירא ניחא לו" (דעם קנעכט געפעלט הפקירות) — זאָגט דער תלמוד.

דעריבער איז צו גלויבן — צוזעענדיק די הפקירות פון דער מענטשהייט — אַז די גאַנצע וועלט איז פול מיט קנעכט...

*

„עני חשוב כמת" (אַן אָרימאַן איז געגליכן צו אַ טויטן) — זאָגט דער תלמוד.

לעבן אָבער וויל ער דווקא ווי אַ לעבעדיקער.

*

„לכל זמן: עת לאהב ועת לשנוא" (אויף אַלץ איז אַ צייט: עס איז דאָ אַ צייט צו ליבן און עס איז דאָ אַ צייט צו האַסן) — זאָגט שלמה המלך.

אָבער אַז מען שווייגט ווען מען דאַרף ריידן, דאָס איז שוין גאָר־ניט קיין חכמה.

*

„הכסיל בחושך הולך" (דער נאַר גייט אין דער פינצטערניש) זאָגט שלמה המלך.

טאָ ווי־זשע זעט ער אָפּצוטאָן נאַרישקייטן?

אויף אָפּוצטאָן נאַרישקייטן דאַרף מען קיין ליכט ניט האָבן.

*

„אין חכם כבעל הנסיון" (קיינער איז ניט אַזוי קלוג ווי דער מאַן פון דערפאַרונג) — זאָגט דער בעל העקדה.

דאָך, אַז מען האָט ניט קיין שכל, קען מען אַפּילו זיך באָדן אין דערפֿאָרונג בלייבט מען אַלץ אַ נאַר.

*

„אחרי רבים להטות" (מען מוז זיך בויגן נאָך דער מערהייט) — פּסקנט די תורה.

ווי זאָלן מיר אָבער גיין אַלעמאָל נאָך דער מערהייט ווען די מערהייט זיינען — בהמות און חיות?

*

„מוצא שפתיך תשמור" (וואָס עס גייט אַרויס פון דיינע ליפּן זאָלסטו אָפּהיטן) — זאָגט אונדז אָן די תורה.

שאַ, שאַ, דער נאַר זאָל עס אָקאָרשט ניט דערהערן.

*

„מדבר שקר תרחק" (פון פֿאַלשע רייד דערווייטער זיך) — זאָגט אונדז די תורה.

יאָ, טייערע תורה! דו האָסט רעכט, אָבער ווו איז דער אמת וואָס מיר זאָלן זיך צו אים דערנענטערן?

*

„פרא אָדם יולד" (דער מענטש ווערט געבאָרן ווילד) — זאָגט איוב.

אינעם לעבן אָבער זעען מיר גאָר אַנדערש: ווען דער מענטש ווערט געבוירן, זעט ער אונדז אויס ווי א מלאכל. ערשט ווען ער ווערט עלטער, גרעסער, ווערט ער ווילדער.

*

„פרא אָדם יולד" (דער מענטש ווערט געבוירן ווילד) — זאָגט איוב.

וויי איז אָבער דעם וואָס בלייבט אַ פּרא אָדם זיין גאַנץ לעבן!

*

„פתי יאמין לכל דבר" (אַ נאַר גלויבט יעדע זאַך) — זאָגט שלמה המלך.

נאָר ניט אין דעם אַז עס זיינען פֿאַראַן קליגערע פון אים.

*

„קנאת סופרים תרבה חכמה" (די קנאה פון געלערנטע פארמערט חכמה) — זאָגט דער תלמוד.

כ'לעבן, ס'וואָלט אויך גוט געווען ווען דערביי וואָלט געווען צוגעשטעלט: „וקנאת שוטים תרבה שטות" (און די קנאה פון נאַראָנים פאַרמערט נאַרישקייט).

*

„אמת מארץ תצמח" (דער אמת שפּראָצט פון דער ערד) — זאָגט דוד המלך. מענטשן אָבער צעטרעטן אים באַלד ווי ער טוט נאָר אַרויסשפּראָצן.

*

„אמת מארץ תצמח" (דער אמת שפּראָצט פון דער ערד) — זאָגט דוד המלך. דאָס איז אפשר די טראַגעדיע פונעם אמת, ווייל וואָלט ער פון הימל געקומען, וואָלטן מענטשן אפשר ניט געטראָטן אויף אים.

*

„אמת מארץ תצמח" (דער אמת שפּראָצט פון דער ערד) — זאָגט דוד המלך. כ'לעבן, ס'וואָלט אויך ניט שלעכט געווען ווען ער וואָלט דערביי געהאַט צוגעשטעלט: „ושקר מאדם יצמח" (און דער שקר שפּראָצט פון מענטשן).

*

„אמת מארץ תצמח" (דער אמת שפּראָצט פון דער ערד) — זאָגט דוד המלך. טאָ פאַרוואָס־זשע וואַקסט ער ניט?

ווייל דער שקר טרעט אויף אים.

*

„הכסף יענה את הכל" (געלט פאַרענטפערט אַלצדינג) — זאָגט שלמה המלך. בלייבט די פראַגע: צו וואָס דאַרף מען עס איינגאַנצן, ווען עס פאַרשאַפט אַזוי פיל צרות?

*

„מותר לו לאדם לשנות בדבר השלום" (צוליב פרידן מעג מען זאָגן אַ ליגן) — דערלויבט אונדז דער תלמוד.

ליידער זאָגן מענטשן ליגן כדי צו מאַכן קריג.

*

„שומר פתאים ה׳״ (גאָט היט די נאַראָנים) — זאָגט דוד המלך. טרעפנדיק אַזוי פיל נאַראָנים אין דער וועלט איז טאַקע צו גלויבן, אַז גאָט היט זיי.

*

„שומר פתאים ה׳״ (גאָט היט די נאַראָנים) — זאָגט דוד המלך. דעם אמתן נאַר אָבער קען אַפילו גאָט אַליין ניט אויסהיטן.

*

„שמור פתאים ה׳״ (גאָט היט די נאַראָנים) — זאָגט דוד המלך. כ׳לעבן, ס׳וואָלט פון גאָט פיל קליגער געווען ווען ער וואָלט געהיט דעם חכם פון דעם נאַר.

*

„איזהו חכם הרואה את הנולד״ (ווער איז אַ חכם? דער וואָס זעט וואָס עס וועט געבוירן ווערן) — זאָגן חז״ל. וויפל מענטשן אָבער זיינען ביי זיך חכמים וואָס זעען ניט אַפילו דאָס, וואָס עס איז שוין געבוירן געוואָרן.

*

„איזהו גבור הכובש את יצרו״ (ווער איז אַ גבור? דער וואָס באַצווינגט זיין יצר הרע) — זאָגט בן זומא. וויפל מענטשן אָבער האַלטן זיך פאַר העלדן נאָר דערפאַר וואָס דער יצר הרע באַצווינגט זיי?

*

„איזהו עשיר השמח בחלקו״ (ווער איז רייך? ווער עס איז צופרידן מיט זיין חלק) — זאָגט בן זומא. דעריבער אפשר גלויבט די וועלט, אַז אַ נאַר איז גליקלעך ווייל ער איז צופרידן מיט זיין נאַרישקייט.

*

„איזהו חכם הלומד מכל אדם״ (ווער איז אַ חכם? וואָס לערנט פון אַלע מענטשן) — זאָגט בן זומא. דעריבער איז פונעם נאַר גאָר ניט קיין נאַרישקייט וואָס ער וויל אַז מען זאָל זיך פון אים לערנען.

*

„הולך את חכמים יחכם״ (גייענדיק מיט חכמים ווערט מען

קלוג) — זאָגט שלמה המלך. דעריבער וויל דער נאַר, גלויבנדיק אַז ער איז אַ חכם, אַז אַלע זאָלן אים נאָכגיין.

*

„ראשית חכמה קנה חכמה" (דער אָנהייב פון חכמה איז לער־נען חכמה) — זאָגט שלמה המלך. דעריבער ווערט דער נאַר ניט קליגער, ווייל ער גייט אַלץ לערנען — דעם אַנדערן.

*

„לך מנגד לאיש כסיל" (מייד אויס צו באַגעגענען דעם נאַ־רישן מענטשן) — זאָגט שלמה המלך. ווו איז אָבער מעגלעך, קלו־גער שלמה, ניט צו טרעפן דעם נאַר?

# אינהאַלט


הקדמה פון די אַרויסגעבערס 5
אבא הלל שקאָלניק 7
וואָס מיינט אַן אַפאָריזם ? 15
וועגן אַפאָריזמען און
שפּריכווערטער 17
דער אַפאָריזם אין אונדזער
ליטעראַטור 22

**א.**

אַבערגלויבן 27
אַדוואָקאַט 27
אדם 28
אויגן 28
אויסברענגער 29
אומגליק 29
אומגערעכטיקייט 30
אומדאַנקבאַרקייט 30
אומשטאַנדן 30
אוצרות 31
אורזאַך 31
איבערצייגן 31
אידעאַל 32
אידעאַליסט — אידעאַליזם 33
אידעען 35
אייביקייט 37
אייזל 38
איינבילדונג 38
איינדרוק 38
איינפלוס 39
אייפערזוכט 39
אינהאַלט 40
אינטעליגענץ 41
אינסטינקט 41
אינספּיראַציע 42
אַכטונג 42
אמת 43
אַנטוישונג 45
אָפּטימיזם 45
אָפּלאָדירן 46
אַפּנאַרעריי 47
אַקטיאָרן 47
אַרבעט 48
אָרעמקייט 49

**ב.**

באַגייסטערונג 49
באַגריף 50
באַגרענעצט 50
באַוווּנדערונג 50
באַצאָלן 50
באַרג 50
באַרימעריי 51
בגד 52
בהמה 52

בוך—ביכער 53
בושה 55
בילדונג 56
בלומען 56
בעל־צדקה 57
ברכות 57

**ג.**

גאווה 57
גאָט 58
גאָלד 62
גאַסט 63
גוטסקייט 63
גיהנום 64
גייסט 64
גלויבן 65
גליק 67
גנב 69
גן־עדן 70
געדאַנק 71
געדולד 72
געוווינהייט 72
געוויסן 73
געזאַנג 73
געזונט 74
געזעלשאַפט 74
געזעצן 75
געטלעך 76
געטער 77
געלט 78
געלעגנהייט 79
געפאַר 79
געפיל 80
גערעכטיקייט 82
געשיכטע 82
גרויסקייט 84

**ד.**

דאַנקבאַרקייט 87
דאָקטאָר 87
דימענטן 99
דיסציפּלין 89
דענקמעלער 90
דענקען 90
דענקער 90
דערפאָלג 91
דערפאַרונג 91
דערציונג 92
דערקלערן 94

**ה.**

האַנט 95
האַנדל 95
האָפענונג 96
האַרץ 97
הומאָר 98
הומאָריסט 99
הונט 101
הייליק 101
היים 102
הייראַט 102
הילף 103
הימל 103
היץ 104
העלדישקייט 104
העפלעכקייט 104
הערשער 105

**ו.**

וואַסער 106
וואָרט 106
וואַרעמקייט 108
ווונדער 108
ווייטיק 109
ווייַן 109
ווילן 109
ווינטשן 109
וויסן 111
וויסנשאַפט 111
וויִץ 113
וועג 114
וועלט 115

**ז.**

זאָרגן 117
זון 117
זיכערקייט 118
זינד 118
זכרון 118
זשורנאַליסטן 119

**ח.**

חוה 119
חוצפה 119
חזקה 120
חיה 120
חכם 121
חלומות 124
חן 124
חניפה 124
חסרונות 124
חשבון 125
חתונה 125

**ט.**

טאַלאַנט 126
טויט 127
טייוול 127
טעאַטער 128
טראַדיציע 129
טרערן 129

**י.**

יוגנט 131
יושר 132
ייִד 132
ירושה 132

**כ.**

כאַראַקטער 132
כבוד 133
כעס 134

**ל.**

לאָגיק 134
לאָכן 134
לאַנד 136
לבנה 136
לויב 136
לוקסוס 137
ליבע 138
ליידיקגייער 140
ליידן 140
ליידנשאַפט 140
לייכטזיניקייט 141
ליכט 141

לעבן 142
לערנען 143
לץ 144

מ.

מאָגן 144
מאָדע 144
מאָסקע 145
מאָראַל 145
מאָרד 145
מאַרטירער 146
מבין 146
מוזיק 146
מוט 147
מוטער 148
מויל 149
מורא 149
מזל 151
מיינונג 151
מלאך 152
מנהגים 152
מעלות 152
מענטש 153
מענטשהייט 157
מענער 157
משל 158

נ.

נאַטור 158
נאָמען 161
נאַציאָנאַל 161
נאַר—נאַראָנים 162
נאַרישקייט 167
נבואה 169
נגיד 169
נדבות 169
נודניק 169
נויט 169
נוצלעכקייט 169
נסים 170
נקמה 170
נשמה 170

ס.

סאַטירע 171
סחורה 172
סימבאָלן 172

ע.

עבירה 172
עגאָאיזם 172
עטיק 173
עלטער 173
עלטערן 174
עלנט 174
עניוות 175
עץ הדעת 175
עצה 176
עקשנות 176
ערלעכקייט 176
עשרת הדברות 177

פ.

פּאָעזיע 178
פּאָעטן 179
פּנים 179
פּסיכאָלאָגיע 179
פּעסימיזם 180

פּערל 180
פּראַקטיק 180

**פֿ.**

פֿאַטער 181
פֿאַלק 181
פֿאַלשקייט 182
פֿאַנאַטיזם 183
פֿאַנטאַזיע 184
פֿאַקטן 185
פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט 186
פֿאַרבאַטענע 186
פֿאַרברעכן 186
פֿאַרגאַנגענהייט 187
פֿאַרגעסן 188
פֿאַרזיכטיקייט 188
פֿאַרצווייפֿלונג 189
פֿאַרשווייגן 189
פֿאַרשטאַנד 189
פֿאַרשטיין 189
פֿאַרשפּילן 190
פֿוילקייט 190
פֿוס 191
פֿייער 191
פֿילאָזאָפֿיע 192
פֿלייסיקייט 193
פֿליכט 193
פֿליען 194
פֿערד 195
פֿרויען 196
פֿרומקייט 197
פֿריידן 198
פֿרייהייט 198
פֿריינד 199
פֿריינדשאַפֿט 200

**צ.**

צדיק 201
צווייפֿל 201
צונג 202
צוזאָגן 203
צופֿאַל 203
צופֿרידנהייט 204
צייט 204
ציין 205
צירונג 205
צרות 206

**ק.**

קאַמיזם 206
קאָפּ 206
קאַרגשאַפֿט 207
קאָרטנשפּיל 208
קבצן 208
קונסט 208
קושן 209
קיבעץ 209
קינד—קינדער 210
קינסטלער 210
קלוג—קלוגשאַפֿט 211
קליידער 214
קליין 214
קלײנקייט 214
קנאה 216
קעגנוואָרט 216
קראַנקייט 217
קריג 217
קריטיק 218

**ר.**

רב 220
רחמנות 220
ריידן 220
רייך 222
ריכטער 222
רעדאַקטאָר 222
רעדנער 222
רעליגיע 223
רשע 225

**ש.**

שאָטן 225
שוואַכקייט 225
שווייגן 226
שווימען 226
שטאַרקייט 227
שיין—שיינקייט 227
שכרות 228
שלאַנג 229
שלאָף 230
שלום 230
שלום־בית 230
שלימזל 230
שלעכט—שלעכטסקייט 230
שמוץ 231
שמייכל 232
שפיגל 232
שפּראַך 233
שקלאַפעריי 233
שקר 233
שרייבער 234
שונא 235
שכל 236
שנאה 240

**ת.**

תורה 240
תפילות 241

*

נישט־קלאַסיפיצירטע
אַפאָריזמען 242
אַפאָריסטישע קאָמענטאַרן
אויף אַפאָריזמען פון תנ״ך,
תלמוד און אַנדערע מקורות 250